# פּראָגראַם און סטאַטוט
# פונעם קאָמוניסטישן
# אינטערנאַציאָנאַל

פּאַרטיי־פאַרלאַג ● מינסק
1934

# פּראָגראַם
## פונעם
## קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל

אָנגענומענ אפ דער 46 זיצונג פונעם קאָנגרעס פונ קאָמו־
ניסטישנ אינטערנאַציאָנאַל דעם 1־טנ סעפּטיאבער 1928 יאָר.

## אריינפיר

די עפּאָכע פונ אימפּעריאליזמ איז די עפּאָכע פונ דעמ אָפּשטארבנדיקנ קאפּיטאליזמ. די אלוועלטלעכע מילכאָמע פונ די יאָרנ 1914—1918 אונ דער אלגעמיינער קריזיס פונעמ קאפּיטאליזמ, וועלכנ זי האָט צעבונדנ, זיינענ א דירעקטער רעזולטאט פונ דעמ שארפנ ווידערשפּרוכ צווישנ דעמ וווּקס פונ די פּראָדוציר־קויכעס פונ דער וועלט־ווירטשאפט אונ אירע מעלוכישע צאמענ, אונ זיי האָבנ באווויזנ אונ דערוויזנ, אז אינעווייניק אינ דער קאפּיטאליסטישער געזעלשאפט זיינענ שוינ צייטיק געוואָרנ די מאטעריעלע פאָרהאנאָכעס פארנ סאָציאליזמ, אז דאָס קאפּיטאליסטישע הייטל פונ דער געזעלשאפט איז געוואָרנ אומדערטרעגלעכע קייטנ פאר דער ווייטערדיקער אנטוויקלונג פונ דער מענטשהייט, אז די געשיכטע שטעלט אינ טאָג־אָרדענונג די אופגאבע אפּ א רעוואָליוציאָנערנ אויפנ אראָפצווּוארפנ דעמ קאפּיטאליסטישנ יאָכ.

דער אימפּעריאליזמ מאכט אונטערטעניק צו דער דיקטאטור פונ דער פינאנצ־קאפּיטאליסטישער פּלוטאָקראטיע גוואלטיקע מאסנ פּראָלעטאריער פונ אלע לענדער, אָנהויבנדיק פונ די צענטרענ פונ קאפּיטאליסטישער מאכט אונ ענדיקנדיק מיט די

ווײַטסטע ווינקלענ פונ דער קאָלאָניאַלער וועלט. מיט א סטיכיישער קראפט דעקט אופ אונ פארטיפט דער אימ־פעריאַליזמ אלע ווידערשפרוכנ אינ דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט, ער דערפירט ביז צו דעמ לעצטנ גראד די קלאסנאונטערדריקונג, ער פארשארפט ביז אויסערגעוויינ־לעכער אָנשטרענגונג דעמ קאמפ צווישנ די קאפיטאליסטישע מעלוכעס, ער רופט ארויס די אומפארמײַדלעכקײַט פונ אימפעריאליסטישע וועלט־מילכאָמעס, וועלכע טרייסלענ אופ די גאנצע סיסטעמ פונ די הערשנדיקע באציונגענ, אונ פירט מיט אנ אײַזערנער נויטווענדיקײַט צו דער *פראָ־לעטארישער וועלט־רעוואָלוציע*.

בינדנדיק די גאנצע וועלט מיט די קייטנ פונעמ פינאנצ־קאפיטאל, מיט בלוט, מיט אײַזנ אונ הונגער, צווינגענדיק די פראָלעטאריער פונ אלע לענדער, פעלקער אונ ראסנ צו שטעלנ זיכ אונטער זײַנ יאָכ, גוואלטיק פארשארפנדיק די עקספלואטאציע, די אונטערדריקונג אונ פארשקלאפונג פונעמ פראָלעטאריאט אונ ארויסרוקנדיק פאר אימ די או־מיטלבארע אופגאבע צו דעראָבערנ די מאכט, שאפט דער אימפעריאליזמ די נייטיקײַט פונ אנ ענגסטער באהעפטונג פונ די ארבעטער אינ אנ איינהײַטלעכער אינטערנאציאָנאלער ארמיי פונ פראָלעטאריער פונ אלע לענדער, אומאָפהענגיק פונ די מעלוכישע גרענעצנ, נאציאָנאלע, קולטורעלע, שפראכ־לעכע אָדער ראסעווע אונטערשיידנ, געשלעכט אָדער פראָ־פעסיע. אפ אזא אויפנ, אנטוויקלענדיק אונ פארענדיקנדיק דעמ פראָצעס פונ באשאפנ די מאטעריעלע פאָרהאנאָכעס פארנ סאָציאליזמ, באהעפט דער אימפעריאליזמ צוזאמענ

מיט דעם די ארמיי פונ זײַנע אייגענע באגרעבער, שטעלנ־
דיק דעם פראָלעטאריאט פאר דער נויטווענדיקײַט זיכ צו
אָרגאניזירנ אינ א צווישנפעלקערלעכער קאמפ־
אסאָציאציע פונ ארבעטער.

פונ דער צווייטער זײַט, שפאלט אָפּ דער אימפעריאליזמ
דעם סאמע באזאָרגטנ טייל פונעמ ארבעטער־קלאס פונ
זײַנע גרונט־מאסנ. דערדאָזיקער אונטערגעקויפטער אונ
דעמאָראליזירטער דורכנ אימפעריאליזמ אויבערשיכט פונעמ
ארבעטער־קלאס, וועלכער בילדעט די אָנפירנדיקע קאדרענ
פונ די סאָציאל־דעמאָקראטישע פארטייענ, וועלכער איז
פארינטערעסירט אינעמ אימפעריאליסטישנ בארויבנ די קאָ־
לאָניעס, וועלכער איז איבערגעגעבנ „זײַנ" בורזשואזיע אונ
„זײַנ" אימפעריאליסטישער מעלוכע,—האָט זיכ אינ די צײַטנ
פונ די אנטשיידנע קלאסנ־שלאכטנ ארויסגעוויזנ אפּ דער
זײַט פונעמ פראָלעטאריאטס קלאסנ־פײַנט. די שפאלטונג אינ
דער סאָציאליסטישער באוועגונג אינ 1914 יאָר, וועלכע איז
געווענ ארויסגערופנ דורכנ דאָזיקנ פאראט, אונ די ווײַטער־
דיקע פאראטנ פונ די סאָציאל־דעמאָקראטישע פארטייענ,
וועלכע זײַנענ אינ דער ווירקלעכקײַט געוואָרנ בורזשואזע
ארבעטער־פארטייענ, האָבנ באוויזנ, אז דער צווישנפעל־
קערלעכער פראָלעטאריאט קענ אויספילנ די היסטאָרישע
מיסיע זײַנע—ארויפווארפנ דעם יאָכ פונעמ אימפעריאליזמ
אונ דעראָבערנ די פראָלעטארישע דיקטאטור—בלויז אינ אנ
אָנראכמאָנעסדיקנ קאמפ קעגנ דער סאָציאל־דעמאָקראטיע.
אָרגאניזירנ די קויכעס פונ דער צווישנפעלקערלעכער רעוואָ־
ליוציע ווערט דעריבער מעגלעכ בלויז אפּ דער פלאטפאָרמ פונ

קאָמוניזם. דעם אָפּאָרטוניסטישנ צווייטנ אינטערנאציאָנאל פונ דער סאָציאַל־דעמאָקראטיע, וועלכער איז געוואָרנ אנ אימפּעריאַליסטישע אגענטור אינ די רייענ פונעמ ארבעטער־קלאס, ווערט אומפּארמײַדלעכ אנטקעגנגעשטעלט דער דריטער קאָמוניסטישער אינטערנאציאָנאל — די צווישנפעלקערלעכע אָרגאניזאציע פונעמ ארבעטער־קלאס, וועלכע פארקערפּערט אינ זיכ די עכטע איינהייט צווישנ די רעוואָליוציאָנערע ארבעטער פונ דער גאנצער וועלט.

די מילכאָמע פונ די יאָרנ 1914—1918 האָט ארויסגערופנ די ערשטע פּרוווּנ צו באשאפנ א נײַעמ, רעוואָליוציאָנערנ אינטערנאציאָנאל, אלס קעגנקראפט קעגנ דעמ צווייטנ, סאָציאַל־שאָוויניסטישנ אינטערנאציאָנאל אונ אלס ווידער־שטאנד־געווער קעגנ דעמ קריגערישנ אימפּעריאַליזמ (צימערוואלד, קינטאל). די זיגרײַכע רעוואָליוציע פונעמ פּראָלעטאריאט אינ רוסלאנד האָט געגעבנ א שטויס צו דער אויסבילדונג פונ קאָמוניסטישע פארטייענ אינ די צענטרענ פונעמ קאפּיטאליזמ אונ אינ די קאָלאָניעס. אינ 1919 יאָר איז געגרינדעט געוואָרנ דער קאָמוניסטישער אינטערנאציאָנאל, וועלכער האָט צומ ערשטנ מאָל אינ דער וועלט־געשיכטע אינ דער ווירקלעכקייט, אפּ דער פּראקטיק פונ רעוואָליוציאָנערנ קאמפּ פאראייניקט די פאָרגעשריטענע שיכטנ פונעמ אייראָפּייִשנ אונ אמעריקאנישנ פּראָלעטאריאט מיט די פּראָלעטאריער פונ כינע אונ אינדיע, מיט די שווארצהויטיקע האָרעפּאשניקעס פונ אפריקע אונ אמעריקע.

אלס איינהייטלעכע אונ צענטראליזירטע צווישנפעלקערלעכע פּארטיי פונעמ פּראָלעטאריאט, איז דער קאָמוניסטישער אינ־

טערנאציאָנאל דער איינציקער פאָרזעצער פונ די פרינציפנ פור־
געמ ערשטנ אינטערנאציאָנאל, וועלכע ווערנ דורכגע־
פירט אפ א נײַער מאסעווער באזע פונ דער רעוואָליוציאָ־
נערער פראָלעטארישער באוועגונג. די דערפארונג פונ דער
ערשטער אימפעריאַליסטישער מילכאָמע, פונ דעמ נאָכ
דעמ געקומענעמ פעריאָד פונ רעוואָליוציאָנערנ קריזיס
פונעמ קאפיטאליזמ, פונ א ריי רעוואָליוציעס אינ אייראָפּע
אונ אינ די קאָלאָניאלע לענדער; די דערפארונג פונ דער
דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט אונ פונ דער סאָציאלי־
סטישער בויונג אינ פסס״ר; די דערפארונג אינ דער ארבעט
פונ אלע סעקציעס פונעמ קאָמוניסטישנ אינטערנאציאָנאל,
וועלכע איז פארפעסטיקט אינ די באשלוסנ פונ זײַנע קאָנגרעסנ;
צולעצט, די אלץ גרעסערע אונ גרעסערע אינטערנאציאָנאליזי־
רונג פונעמ קאמפ צווישנ דער אימפעריאליסטישער בורזשואזיע
אונ דעמ פראָלעטאריאט—דאָס אלץ רופט ארויס די נויט־
ווענדיקייט אינ אנ איינהײַטלעכער אונ פאר אלע סעקציעס
אלגעמיינער פראָגראמ פונעמ קאָמוניסטישנ אינטערנא־
ציאָנאל. אזוי ארומ איז די פראָגראמ פונ קאָמינטערנ, אלס
העכסטע קריטישע פאראלגעמיינערונג פונ דער גאנצער
היסטאָרישער דערפארונג פונעמ פראָלעטאריאטס צווישנפעל־
קערלעכער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג, די פראָגראמ
פונ קאמפ פאר דער אלוועלטלעכער פראָלע־
טארישער דיקטאטור, די פראָגראמ פונ קאמפ
פארנ אלוועלטלעכנ קאָמוניזמ.

דער קאָמוניסטישער אינטערנאציאָנאל, פאראייניקנדיק די
רעוואָליוציאָנערע ארבעטער, וועלכע פירנ נאָכ זיכ מיליאָניקע

מאסן אונטערדריקטע און עקספּלואטירטע קעגן דער בור־זשואזיע און קעגן אירע „סאָציאַליסטישע“ אגענטן, בא־טראכט זיך אלס היסטאָרישן יורשט פונעם „פארבאנד קאָמוניסטן“ און פונעם ערשטן אינטערנאציאָנאל, וועלכע האָבן זיך געפונען אונטער מארקס דירעקטער אָנפירונג, און אלס יורשט פון די בעסטע פארמילכאָמע־טראדיציעס פונעם צווייטן אינטערנאציאָנאל. דער ערשטער אינ־טערנאציאָנאל האָט פארלייגט די אידייִשע יעסוידעס פון צווישנפעלקערלעכן פּראָלעטארישן קאמף פארן סאָציאַליזם. דער צווייטער אינטערנאציאָנאל האָט אין דער בעס־טער צייט זיינער געגרייט א באָדן פאר דער ברייטער מאסן־פארשפּרייטונג פון דער ארבעטער־באוועגונג. דער דריטער, דער קאָמוניסטישער, אינטערנאציאָנאל, פאָר־זעצנדיק די ארבעט פונעם ערשטן אינטערנאציאָנאל און, איבערנעמענדיק די ארבעט־פּרוכט פונעם צווייטן אינטער־נאציאָנאל, האָט ער אנטשיידן אָפּגעהאקט דעם לעצטנס אָפּאָרטוניזם, זיין סאָציאַל־שאָוויניזם, זיין בורזשואזע פאר־קריפּלונג דעם סאָציאַליזם און האָט אָנגעהויבן פארוויר־קלעכן די דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאט. דערמיט גופא, זעצט פאָר דער קאָמוניסטישער אינטערנאציאָנאל די רומ־פולע העראָישע טראדיציעס פון דער צווישנפעלקערלעכער ארבעטער־באוועגונג: פון די ענגלישע טשארטיסטן און די פראנצויזישע אופשטענדלער פון 1831 יאָר; פון די פראנצ־ויזישע און דייטשישע ארבעטער־רעוואָליוציאָנערן פון 1848 יאָר; פון די אומשטערבלעכע קעמפער און מארטירער פון דער פאריזער קאָמונע; פון די מוטיקע סאָלדאטן פון

דער דײַטשישער, אונגארישער און פינלענדישער רעוואָליוציעס; פונ די ארבעטער פונ דער געוועזענער צארישער דעספּאָטיע—די זיגרײַכע טרעגער פונ דער פּראָלעטארישער דיקטאטור; פונ די כינעזישע פּראָלעטאריער—די העלדנ פונ קאַנטאָנ און שאנכײַ.

שטיצנדיק זיכ אפ דער היסטאָרישער דערפארונג פונ דער רעוואָליוציאָנערער ארבעטער־באוועגונג פונ אלע קאָנטיגענטנ און אלע פעלקער, שטייט דער קאָמוניסטישער אינטערנאציאָנאל אינ זײַנ טעאָרעטישער און פּראקטישער ארבעט אינגאנצנ, און אָנ שום אויסריידנ, אפנ שטאנדפּונקט פונ רעוואָליוציאָנערנ מארקסיזמ, וועלכער האָט באקומענ זײַנ ווײַטערדיקע אנטוויקלונג אינעמ לעניניזמ, וועלכער איז ניט עפּעס אנדערש, ווי דער מארקסיזמ פונ דער עפּאָכע פונ אימפּעריאליזמ און פונ פּראָלעטארישע רעוואָליוציעס.

פארטיידיקנדיק און פּראָפּאגאנדירנדיק דעמ דיאלעקטישנ מאטעריאליזמ פונ מארקסנ־ענגעלסנ, אָנווענדנדיק אימ אלס רעוואָליוציאָנערנ מעטאָד אפ צו דערקענענ דיווירקלעכקײַט מיטנ צוועק איבערצואנדערשנ די דאָזיקע ווירקלעכקײַט אפ א רעוואָליוציאָנערנ אויפנ, פירט דער קאָמוניסטישער אינטערנאציאָנאל אנ אקטיוונ קאמפ קעגנ אלע מינימ בורזשואזער וועלט־אָנשויונג און קעגנ אלע מינימ טעאָרעטישנ און פּראקטישנ אָפּאָרטוניזמ. שטייענדיק אפנ באָדנ פונעמ קאָנסעקווענטנ קלאסנ־קאמפ פונעמ פּראָלעטאריאט, אונטערוזארפנדיק די צײַטווײַליקע, טיילווײַזע, גרופּישע, נאציאָנאלע אינטערעסנ פונעמ פּראָלעטאריאט אונטער

זײַנע דויערנדיקע, אַלגעמײנע אינטערנאַציאָנאַלע אינטערעסנ, דעמאַסקירט דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל אָנ ראַכמאָנעס די לערע וועגנ „קלאַסנ־שאָלעמ" אינ אַלע אירע פאָרמענ, וואָס די רעפאָרמיסטנ האָבנ איבערגענומענ בא דער בורזשואַזיע. אויסדריקנדיק די היסטאָרישע באַדערפעניש אינ אַנ אינטערנאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע פונ די רעוואָליוציאָנערע פראָלעטאַריער, די באַגרעבער פונ דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעמ, איז דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל די אײנציקע צווישנפעלקערלעכע קראַפט, וועלכע האָט אַלס איר פּראָגראַמ די דיקטאַטור פונעמ פראָלעטאַריאַט אונ דעמ קאָמוניזמ, אונ טרעט אָפנ אַרויס אַלס אַנ אָרגאַניזאַטער פונ דער צווישנפעלקערלעכער רעוואָליוציע פונעמ פראָלעטאַריאַט.

# I. די וועלט־סיסטעמ פונ קאפיטאליזמ, איר אנטוויקלונג אונ איר אומפאר־מײַדלעכער אונטערגאנג

## 1. די אלגעמײנע באוועגונג־געזעצנ פונעמ קאפיטאליזמ אונ די עפּאָכע פונעמ אינדוסטריעלנ קאפיטאל

די קאפיטאליסטישע געזעלשאפט, וועלכע איז אויסגע־וואקסנ אפנ גרונט פונ דער אנטוויקלונג פונ דער סכוירע־פּראָדוקציע, כאראקטעריזירט זיכ דורכ דעמ מאָנאָפּאָל פונעמ קלאס קאפיטאליסטנ אונ גרויסע ערד־באזיצער אפ די וויכטיקסטע אונ אנטשײדנדיקע פּראָדוציר־מיטלענ, דורכ דער עקספּלואטאציע פונ דער לוינ־ארבעט פונעמ קלאס פּראָלעטאריער, וועלכע האָבנ ניט קײנ פּראָדוציר־מיטלענ אונ זײַנענ געצוווּנגענ צו פארקויפנ זײער ארבעט־קראפט דורכ פּראָדוצירנ סכוירע אפ צו באקומענ רעווּעכ אונ דורכ דער פּלאנלאָזיקײַט אונ אנארכישקײַט פונעמ פּראָדוציר־פּראָצעס אינגאנצנ גענומענ, וואָס זײַנענ מיט דעמ אלעמ פארבונדנ. די פארהעלטעניש פונ דער עקספּלואטאציע אונ די

עקאָנאָמישע הערשאפט פונ דער בורזשואזיע געפינענ זייער פּאָליטישנ אויסדרוק אינ דער מעלוכישער אָרגאניזאציע פונעמ קאפּיטאל, אלס אפּאראט אפּ צו אונטערדריקנ דעמ פּראָלעטאריאט.

די געשיכטע פונעמ קאפּיטאליזמ האָט פולשטענדיק באַשטעטיקט מארקס לערע וועגנ די אנטוויקלונג־געזעצנ פונ דער קאפּיטאליסטישער געזעלשאפט און וועגנ די ווידערשפּרוכנ אינ דערדאָזיקער אנטוויקלונג, וועלכע פירנ די גאנצע קאפּיטאליסטישע סיסטעמ צומ אומפארמיידלעכנ אונטערגאנג.

אינ גיכער צוקונפט — נאָכ רעוועכ איז די בורזשואזיע געצווונגענ געווענ אינ אנ אלצ וואקסנדיקנ מאסשטאב צו אנטוויקלענ די פּראָדוציר־קויכעס, פּארפּעסטיקנ און פּארברייטערנ די הערשאפט פונ די קאפּיטאליסטישע פּראָדוציר־באציִונגענ. דערמיט גופע האָט די אנטוויקלונג פונעמ קאפּיטאליזמ קעסיידער רעפּראָדוציִרט אפּ א פּארברייטערטער באזע אלע אינערלעכע ווידערשפּרוכנ פונ דער קאפּיטאליסטישער סיסטעמ, און פריִער פּאר אלצ, דעמ אנטשיידנדיקנ ווידערשפּרוכ צווישנ דעמ געזעלשאפטלעכנ כאראקטער פונ דער ארבעט און דעמ פּריוואטנ כאראקטער פונ צוייגענונג, צווישנ דעמ וווּקס פונ די פּראָדוציר־קויכעס און די פּארמעגנ־פּארהעלטענישנ פונעמ קאפּיטאליזמ. די הערשאפט פונ פּריוואט־אייגנטומ אפּ די פּראָדוציר־מיטלענ, דער אנארכיש־סטיכיישער גאנג פונ דערדאָזיקער פּראָדוקציע האָבנ געבראכט צו דער צעשטערונג פונעמ עקאָנאָמישנ גלייכגעוויכט צווישנ פארשיידענע צווייגנ פונ דער פּראָדוקציע

אין צוזאמענהאנג מיט דער אנטוויקלונג פון די ווידער־שפרוכן צווישן דער טענדענץ צו אומבאגרענעצטער פארברייטערונג פון דער פראָדוקציע און דעם באגרענעצטן געברויך פון די פראָלעטארישע מאסן (אלגעמיינע איבער־פראָדוקציע), וואָס האָט געפירט צו די פעריאָדיש זיך איבערכאזערנדיקע פארוויסטנדיקע קריזיסן און מאסעווער ארבעטלאָזיקייט פונעם פראָלעטאריאט. די הערשאפט פונעם פריוואט־אייגנטום האָט אויך צוגלייך מיט דעם געפונען איר אויסדרוק אין דער קאָנקורענץ סיי אינעווייניק אין באזונדערע קאפיטאליסטישע לענדער, סיי אינעם קעסיידער וואקסנדיקן וועלט־מארק. דידאָזיקע לעצטע פאָרמע קאָנקורענץ צווישן די קאפיטאליסטן האָט אלס רעזולטאט געבראכט צו א ריי מילכאָמעס, וועלכע זיינען אומפארמיידלעכע באגלייטער פון דער קאפיטאליסטישער אנטוויקלונג.

פון דער צווייטער זייט, ווידער, האָבן די טעכנישע און עקאָנאָמישע מײַלעס פון דער גרויסער פראָדוקציע געבראכט דערצו, אז אינעם קאָנקורענץ־קאמף זאָלן ארויסגעשטויסן און צעשטערט ווערן די פארקאפיטאליסטישע ווירטשאפטלעכע פאָרמען, זיי האָבן אויך געפירט צו א שטענדיק וואקסנדיקער *קאָנצענטראציע און צענטראליזאציע פונעם קאפיטאל*. אין געביט פון אינדוסטריע האָט דערדאָזיקער קאָנצענטראציע און צענטראליזאציע־געזעץ פריער פון אלץ זיך ארויסגעוויזן אינעם דירעקטן אונטערגאנג פון דער קליין־פראָדוקציע און טיילווייז דערין, וואָס איר ראָל איז דערפירט געוואָרן ביז א ראָל פון הילפ־קעמערלעך פאר די גרויסע אונטערנעמונגען.

אין דער לאנדווירטשאפט, וועלכע איז אומפארמיידלעך אָפּ־געשטאנען פונעם אלגעמיינעם אנטוויקלונג־טעמפּ צוליב דער עקזיסטענץ פון מאָנאָפּאָל־רעכט אף ערד און פון אבסאָלוטער רענטע, האָט דערדאָזיקער געזעץ געפונען זיין אויסדרוק ניט נאָר אין דער דיפערענצירונג פונעם פויערטום און אין דער פּראָלעטאריזירונג פון זיינע ברייטע שיכטן, נאָר הויפּטזאכלעך אין די אָפענע און באהאלטענע פאָרמען פון אונטערוואַרפן די קליינע פויערישע ווירטשאפט אונטער דער הערשאפט פונעם גרויסן קאפיטאל. דערביי האָט די קליינע ווירטשאפט געקאָנט פארהיטן איר קלוימערשטע אומאָפּהענגיקייט בלויז פארן פּריַיז פון העכסטער מי־אָנשטרענגונג און פון סיסטעמאטישן ניט באפרידיקן דעם געברויך.

די וואקסנדיקע אָנווענדונג פון מאשינעס, די קעסיידערדיקע פארפולקאָמונג פון דער טעכניק, און די אָנופהערלעכע העכערונג פונעם אָרגאנישן באשטאנד פונעם קאפיטאל אף דעמדאָזיקן באָדן, — באגלייט מיט א וווּקס פון דער ארבעט־צעטיילונג, מיט א העכערונג פון דער ארבעט־פּראָדוקטיווקייט און אינטענסיווקייט, — האָבן געבראכט דערצו, אז מע האָט אלץ ברייטער אָנגעהויבן באנוצן פרויען־און קינדער־ארבעט און עס האָבן זיך אויסגעבילדעט גוואלטיקע אינדוסטריעלע רעזערוו־ארמייען, וועלכע ווערן שטענדיק פארפולט דורך דעם פויערטום, וואָס פּראָלעטאריזירט זיך און ווערט ארויסגעשטויסן פון די דערפער, און דורך דער קליינער און מיטעלער בורזשואזיע פון די שטעט, וועלכע ווערט רויִנירט. די אויס־בילדונג פון א הייפל קאפיטאל־מאגנאטן אף איין פּאָליוס

פונ די געזעלשאפטלעכע באציִונגענ און פונ ריזיקע מאסנ
פונ פּראָלעטאריאט — אפנ אנדערנ; דער אָנופהערלעכער
ווּקס פונ דער עקספּלואטאציע־נאָרמע פונעמ ארבעטער־
קלאס, די רעפּראָדוקציע פונ די טיפסטע ווידערשפּרוכנ
אינעמ קאפּיטאליזמ אזא א פארברייטערטער באזע און פונ
זייערע פאָלגנ (קריזיסנ, מילכאָמעס א.א.וו.); דער קעסיי־
דערדיקער ווּקס פונ דער סאָציִאלער אומגלייַכקייַט, דער
ווּקס פונ דער אופגעבראכטקייַט פונעמ פּראָלעטאריִאט, וועל־
כער ווערט פארייניקט און אויסגעשולט דורכנ מעכאניזמ פונ
דער קאפּיטאליסטישער פּראָדוקציע גופע — דאָס אלצ האָט אומ־
פארמייַדלעכ געפירט דערצו, אז עס זאָלנ אונטערגעריסנ
ווערנ די יעסוידעס פונעמ קאפּיטאליזמ און עס זאָל זיכ
דערנעענטערנ דער מאָמענט פונ זייַנ קראכ.

גלייַכצייַטיק מיט דעמ איז פאָרגעקומענ א טיפע איבער־
קערעניש אינ דעמ גאנצנ שטייגערישנ און קולטורעלנ סיי־
דער פונ דער קאפּיטאליסטישער געזעלשאפט; די פאראזי־
טישע דעגענערירונג פונ די ראנטיע־גרופּנ פונ דער בורזשו־
אזיע; די צעפאלונג פונ דער פאמיליע, וועלכע האָט אויס־
געדריקט דעמ וואקסנדיקנ ווידערשפּרוכ צווישנ דעמ, וואָס
די פרויענ זייַנענ מאסנווייַז ארייַנגעצויגנ געוואָרנ אינ דער
געזעלשאפטלעכער פּראָדוקציע, און צווישנ די פאָרמענ פונ
פאמיליענ־לעבנ און הויז־שטייגער, וועלכע זייַנענ אינ א
באדייַטנדיקער מאָס געיארשנט געוואָרנ בא די פריִערדיקע
ווירטשאפטלעכע עפּאָכעס; די צעברעקלונג און דעגענערירונג
פונעמ קולטורעל־אידעאָלאָגישנ לעבנ, וואָס וואקסט אפנ
גרונט פונ דער צעברעקלטער ארבעט־ספּעציִאליזירונג, פונ

דער עקסטער פאַרקריפּלונג פון דער שטאָטישער אנטוויקלונג און באַגרענעצטקייט פונעם דאָרפישן לעבן; די אומפייקייט פון דער בורזשואזיע, ניט געקוקט אפ די קאָלאָסאַלע דערפאָלגן פון די נאַטורוויסנשאַפטן, שאַפן א סינטעטישע וויסנשאפטלעכע וועלט-אָנשויונג; דער וווּקס פון די אידעאַליסטישע, מיסטישע און רעליגיעזע אבערגלויבנס — אָט די אַלע דערשיינונגען האָבן סיגנאַליזירט, אַז עס דערנעענטערט זיך דער היסטאָרישער סאָף פון דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם.

## 2. די עפּאָכע פון פינאַנץ-קאַפּיטאַל (אימפּעריאַליזם)

דער פּעריאָד פון אינדוסטריעלן קאַפּיטאַליזם איז, אין טאָג גענומען, געווען א פּעריאָד פון „פרייער קאָנקורענץ", א פּעריאָד, ווען דער קאַפּיטאַליזם האָט פאַרהעלטניסמעסיק פלינק עוואָלוציאָנירט און זיך פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט, אין באַדינגונגען, ווען מע האָט צעטיילט נאָך פרייע קאָלאָניעס, אָדער פאַרכאַפּט זיי אפ א באַוואָפנטן אופן, דערביי זיינען אָן אופהער געוואַקסן די אינערלעכע ווידערשפּרוכן אינעם קאַפּיטאַליזם, — און זייער לאַסט איז דעריקער געפאַלן אַפ דער סיסטעמאַטיש צערויבטער, דערשלאָגענער און דערשטיקטער קאָלאָניאַלער פּעריפעריע.

דעמדאָזיקן פּעריאָד האָט צום אָנהייב 20-טן יאָרהונדערט פאַרביטן דער פּעריאָד פון אימפּעריאַליזם, דער פּעריאָד פון שפּרונגנאַרטיקער און קאָנפליקטנרייכער אַנט-

וויקלונג פונעם קאפיטאליזם, ווען די פרייע קאָנקורענץ האָט שנעל אָנגעהויבן אָפּטרעטן איר אָרט פאר דער מאָנאָ־פאָל, ווען אלע פריער „פרייע" קאָלאָניאלע ערדן זיינען שוין געווען צעטיילט, ווען דער קאמף פאר א נייער איי־בערפארטיילונג פון די קאָלאָניעס און פון די ווירקונג־ספערן האָט אומפארמיידלעך אָנגעהויבן אין דער ערשטער ריי אָנצונעמען די פאָרם פון א באוואָפנטן קאמף.

אזוי ארום האָבן די ווידערשפרוכן פונעם קאפיטאליזם אין זייער גאנצן פארנעם און אין זייער בעעמעס אל־וועלטלעכן מאסשטאב געפונען זייער בוילעטסטן אויסדריק אין דער עפּאָכע פון אימפעריאליזם (פינאנץ־קאפיטאליזם), וואָס ער באדייט היסטאָריש א נייע פאָרם פון קאפיטאליזם גופא, א נייע פארהעלטעניש צווישן פאר־שיידענע טיילן פון דער קאפיטאליסטישער וועלט־ווירט־שאפט און א געענדערטע לויט דער פאָרם פארהעלטעניש צווישן די גרונט־קלאסן פון דער קאפיטאליסטישער געזעל־שאפט.

דערדאָזיקער נייער היסטאָרישער פעריאָד איז אנט־שטאנען אפן גרונט פון וויכטיקסטע באוועגונג־געזעצן פון דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט. ער איז אויסגעוואקסן פון דער אנטוויקלונג פונעם אינדוסטריעלן קאפיטאליזם, אלס זיינע א היסטאָרישע פאָרזעצונג. ער האָט פארשארפט די אנטפלעקונג פון אלע גרונט־טענדענצן און באוועגונג־געזעצן פונעם קאפיטאליזם, פון אלע זיינע גרונט ווידער־שפרוכן און אנטאָגאָניזמען. דער געזעץ פון קאָנצענטרא־ציע און צענטראליזאציע פון קאפיטאל האָט געבראכט צו

דער אויסבילדונג פונ מעכטיקע מאָנאָפאָליסטישע פאראייני־
קונגענ (קארטעלנ, סינדיקאטנ, טרעסטנ), צו א נײַער פאָרמ
ריזיקע קאָמבינירטע אונטערנעמונגענ, וועלכע די בענק
האָבנ פארבונדנ אינ איינ קנופ. דער צונויפוווּקס פונעמ
אינדוסטריעלנ קאפיטאל מיטנ באנקישנ, דאָס ארײַנציִענ
דעמ גרויסנ ערד־באזיצ אינ דער אלגעמיינער סיסטעמ פונ
קאפיטאליסטישע אָרגאניזאציעס אונ דער מאָנאָפאָליסטישער
כאראקטער פונ דערדאָזיקער פאָרמ פונ קאפיטאליזמ האָבנ
פארוואנדלט די עפאָכע פונעמ אינדוסטריע־קאפיטאל אינ
אנ עפאָכע פונ פינאנצ־קאפיטאל. די „פרײַע קאָנקורענצ"
פונעמ אינדוסטריעלנ קאפיטאליזמ, וועלכע האָט פארנומענ
דעמ אָרט פונ דער פעאָדאלער מאָנאָפאָל אונ פונ דער
מאָנאָפאָל פונעמ האנדל־קאפיטאל, איז אליינ פארוואנדלט
געוואָרנ אינ דער מאָנאָפאָל פונעמ פינאנצ־
קאפיטאל. ארויסוואקסנדיק פונ דער „פרײַער קאָנקורענצ",
באזײַטיקנ ניט אינ דער זעלביקער צײַט די קאפיטאלי־
סטישע מאָנאָפאָליעס דידאָזיקע „פרײַע קאָנקורענצ", נאָר זיי
עקזיסטירנ איבער איר אונ לעבנ איר, אונ דערמיט גופע
געבוירנ זיי א ריי באזונדערס שארפע אונ גרויסע ווידער־
שפרוכנ, רײַבונגענ אונ קאָנפליקטנ.

די וואקסנדיקע אָנווענדונג פונ קאָמפליצירטע מאשינעס,
פונ כעמישע פראָצעסנ, פונ עלעקטרישער ענערגיע, די העכע־
רונג פונעמ אָרגאנישנ צוזאמענשטעל פונעמ קאפיטאל אפ
דערדאָזיקער באזע אונ דאָס פאלנ פונ דער רעוועכ־נאָרמע,
וואָס דרינגט דערפונ ארויס אונ וואָס ווערט צײַטווײַליק
פאראליזירט בלויז בענעגייע צו די גרעסטע מאָנאָפאָליע־

פאַרייניקונגען דורכ דער פּאָליטיק פונ הויכע קאַרטעל־פּרייזנ,
רופנ אַרויס אַ ווײַטערדיקנ געוועג נאָכ קאָלאָניאַלנ איבער־
רעווען און אַ קאַמפּ פאַר אַ נײַער איבערפאַרטיילונג פונ
דער וועלט. די סטאַנדאַרטיזירטע מאַסנ־פּראָדוקציע פּאָדערט
נײַע אויסערלעכע אָפּזאַצ־מערק. דער וואַקסנדיקער נאָכ־
פרעג אַפּ רויוואַרג און הייצוואַרג רופט אַרויס אַ פאַר־
שטאַרקטנ געיעג נאָכ זייערע קוועלנ. און ענדלעכ, די
סיסטעם פונ הויכנ פּראָטעקציאָניזם, וועלכער שטערט דעם
אַרויספיר פונ סכוירעס און גאַראַנטירט אַ צוגאָב־רעווע
פאַרנ אַרויסגעפירטנ קאַפּיטאַל, שאַפט צוגאָב־סטימולנ
אַרויסצופירנ קאַפּיטאַל. דעריבער ווערט דער עקספּאָרט
פונ קאַפּיטאַל אַנ אַנטשיידנדיקע און ספּעציפישע פאָרם
פונ עקאָנאָמישער פאַרבינדונג צווישנ פאַרשיידענע טיילנ
פונ דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט־עקאָנאָמיק. די מאָנאָפּאָליע —
באַהערשונג פונ די קאָלאָניאַלע אָפּזאַצ־מערק, פונ די רוי־
וואַרג־קוואַלנ און ספערנ פונ קאַפּיטאַל־באַנוצ פאַרשטאַרקנ
אינ סאַכאַקל אינ דער העכסטער מאָס די אַלגעמיינע ניט־
גלײַכמעסיקײַט פונ דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג
און פאַרשטאַרקנ די קאָנפליקטנ צווישנ די „גרויסמאַכטנ“
פונעם פינאַנצ־קאַפּיטאַל פאַר איבערפאַרטיילנ די קאָלאָניעס
און די ווירקונג־ספערנ.

דער וווּקס פונ די פּראָדוציר־קויכעס פונ דער וועלט־
ווירטשאַפט ברענגט אַזוי אַרום צו דער ווײַטערדיקער אינ־
טערנאַציאָנאַליזירונג פונעם ווירטשאַפטלעכנ לעבנ, גלײַכ־
צײַטיק אָבער ברענגט עס צו אַ קאַמפּ פאַר אַ נײַער אי־
בערפאַרטיילונג פונ דער וועלט, וועלכע איז שוינ פאַר־

טײלט צװישנ די גרעסטע פינאַנצ־קאַפּיטאַליסטישע מעלו־כעס, צו אומבײַטנ אונ פאַרשאַרפנ די פאָרמענ פונעמ דאָ־זיקנ קאַמפ, צו פאַרבײַטנ דעמ מעטאָד פונ בילִיקע פרײַזנ אַלצ אינ א גרעסערער מאָס אפ א מעטאָד פונ גוואַלדזאַמענ דרוק (באָיקאָט, הויכער פּראָטעקציאָניזמ, טאַמאָזשנע־מילכאָ־מעס, מילכאָמעס אינעמ אײגנטלעכנ זינ פונ וואָרט א. א. וו.). די מאָנאָפּאָליסטישע פאָרמ פונ קאַפּיטאַליזמ ווערט, אַזוי אַרומ, באַגלײט דורכ אומפאַרמײַדלעכע אימפּעריאַליסטישע מילכאָמעס, וואָס לויט זייער נאורנעמ אונ לויט זייער אויס־ראָטערישקײַט פונ זייער טעכניק האָבנ זײ ניט קײנ גלײַכנ אינ דער וועלט־געשיכטע.

## 3. די קױכעס פונעמ אימפּעריאַליזמ אונ די קױכעס פונ דער רעוואָליוציע

אויסדריקנדיק די באַהעפטונג־טענדענצנ פונ די פאַר־שיידענע פראַקציעס פונעמ הערשנדיקנ קלאַס, שטעלט די אימפּעריאַליסטישע פאָרמ פונ קאַפּיטאַליזמ אנטקעגנ די ברײטע מאַסנ פונעמ פּראָלעטאַריאַט ניט דעמ באַזונדערנ אונטערנעמער, נאָר אינ אַ אַלצ וואַקסנדיקער מאָס—דעמ גאַנצנ קלאַס קאַפּיטאַליסטנ צוזאַמענ גענומענ אונ זײַנ מעלוכע־מאַכט. פונ דער צווײטער זײַט, ווידער, רײַסט אופ דידאָזיקע פאָרמ פונ קאַפּיטאַליזמ די ענג־געוואָרענע צאַמענ פונ דער נאַציאָנאַלער מעלוכע אונ פאַרברײטערט די ראַ־מענ פונ דער קאַפּיטאַליסטישער מעלוכע־מאַכט פונ דער הערשנדיקער גרויס־מעכטיקער נאַציע, אנטקעגנשטעלנדיק

דערדאָזיקער מאכט מיליאָניקע מאסן פון די נאציאָנאל־
אונטערדריקטע פעלקער, סײַ צווישן די אזוי גערופענע
קליינע נאציעס, סײַ אין די קאָלאָניעס. צולעצט, שטעלט
דידאָזיקע פאָרם פון קאפיטאליזם אין דער סאמע שארפ־
סטער פאָרם אנטקעגן די אימפעריאליסטישע מעלוכעס איינע
קעגן דער אנדערער.

בא אזא זאכלאגע באקומט א באזונדער באדײַטונג פאר
דער בורזשואזיע די מעלוכע־מאכט, וועלכע ווערט
א דיקטאטור פון דער פינאנץ־קאפיטאליסטישער אָליגארכיע,
אן אויסדרוק פון איר קאָנצענטרירטער מאכט. די פונק־
ציעס פון דערדאָזיקער פילנאציאָנאלער אימפעריאליסטישער
מעלוכע צעוואקסן זיך אין אלע ריכטונגען. די אנטוויקלונג
פון די מעלוכיש-קאפיטאליסטישע פאָרמען, וועלכע פאר־
לײַכטערן אי דעם קאמף אפן אויסערלעכן מארק (די קריג־
מאָביליזאציע פון דערווירטשאפט), אי דעם קאמף קעגן
דעם ארבעטער־קלאס; דער אויסשליסלעכער אומגעהויערער
וווקס פונעם מיליטאריזם (די ארמיי, דער יאם־און לופט־
פלאָט, די אָנווענדונג פון כעמיע און באקטעריאָלאָגיע),
דער וואקסנדיקער דרוק פון דער אימפעריאליסטישער מע־
לוכע אפן ארבעטער־קלאס (דער וווקס פון עקספלואטאציע
און די דירעקטע אונטערדריקונג פון איין זײַט, די סיס־
טעמאטישע פאָליטיק פון אונטערקויפן דעם ביוראָקראטישן
רעפאָרמיסטישן אויבערשיכט — פון דער צווייטער) — דאָס
אלץ דריקט אויס דעם גוואלטיקן וווקס פונעם ספעציפישן
געוויכט פון דער מעלוכע־מאכט. אין דידאָזיקע באדינגונ־
גען ווערט יעדע מער אָדער ווייניקער גרעסערע ארויס־

טרעטונג פונעם פּראָלעטאריאַט פארוואנדלט זיך אין אן ארויסטרעטונג קעגן דער מעלוכישער מאכט, דאָס הייסט, אין א פּאָליטישער ארויסטרעטונג.

אזוי ארום, די אנטוויקלונג פונעם קאפּיטאליזם און באזונדערס די אימפּעריאליסטישע עפּאָכע פון דערדאָזיקער אנטוויקלונג, רעפּראָדוצירט די גרונט־ווידערשפּרוכן פונעם קאפּיטאליזם אלץ אין א מער גראנדיעזן מאסשטאב. די קאָנקורענץ צווישן די קליינע קאפּיטאליסטן הערט אוף גאָר, כדי פארביטן צו ווערן אף דער קאָנקורענץ צווישן די גרויסע; דאָרט, ווו עס ווערט איינגעשטילט די קאָנקורענץ צווישן די גרויסע, פלאקערט זי זיך פאנאנדער צווישן די ריזיקע פארבאנדן פון קאפּיטאל־מאגנאטן און זייערע מעלוכעס; פון אָרטיקע און נאציאָנאלע ווערן די קריזיסן פארוואנדלט אין קריזיסן, וואָס כאפּן ארום א ריי לענדער, און דערנאָך אויך אין וועלט־קריזיסן; די מילכאָמעס פון אָרטיקן כאראקטער טרעטן אָפּ זייער אָרט פאר מילכאָמעס פון קאָאליציעס און פאר וועלט־מילכאָמעס; דער קלאסן־קאמף גייט איבער פון איזאָלירטע ארויסטרעטונגען פון באזונדערע ארבעטער־גרופּן אין א נאציאָנאלן און דערנאָך אין אן אינטערנאציאָנאלן קאמף פונעם וועלט־פּראָלעטאריאַט קעגן דער וועלט־בורזשואזיע. און צולעצט, קעגן די מעכטיק־אָרגאניזירטע קויכעס פונעם פינאנץ־קאפּיטאל אָרגאניזירן זיך צוויי רעוואָלוציאָנערע הויפּט־קויכעס: פון איין זייט, די ארבעטער פון די קאפּיטאליסטישע מעלוכעס, פון דער צווייטער — די פאָלקס־מאסן פון די קאָלאָניעס, וואָס זיי־

נענ אונטערדריקט דורכנ יאָכ פונעמ אויסלענדישנ קאפיטאל אונ גייענ אונטער דער אָנפירונג אונ העגעמאָניע פונ דער אינטערנאציאָנאלער רעוואָליוציאָנערער פראָלעטארישער באוועגונג.

פונדעסטוועגנ ווערט די דאָזיקע רעוואָליוציאָנערע גרונטטענדענצ צייטווייליק פאראליזירט דורכ דעמ, וואָס געוויסע טיילנ פונעמ אייראָפייִשנ, צאָפנ־אמעריקאנישנ אונ יאפאָנישנ פראָלעטאריאט ווערנ אונטערגעקויפט דורכ דער אימפעריאליסטישער בורזשואזיע, אונ דורכ דעמ פאראט פונ דער נאציאָנאלער בורזשואזיע אינ די האלב־קאָלאָניאלע אונ קאָלאָניאלע לענדער, וועלכע (די בורזשואזיע) איז אָנגעשראָקנ פונ דער רעוואָליוציאָנערער מאסנ־באוועגונג. די בורזשואזיע פונ די אימפעריאליסטישע מעלוכעס באקומט צוגאָבלעכנ אויבער־רעוועכ, סיי צוליב איר פאָזיציע אפנ וועלט־מארק בכלל (די מער אנטוויקלטע טעכניק, דער עקספאָרט פונ קאפיטאל אינ לענדער מיט א העכערער רעוועכ־נאָרמע א.א.וו.), סיי פונ בארויבנ די קאָלאָניעס אונ האלבע קאָלאָניעס. אפנ כעזשבנ פונ דידאָזיקע אויבער־רעוואָכימ פלעגט זי העכערנ דעמ ארבעט־לוינ פאר א טייל „אירע" ארבעטער אונ פאראינטערעסירנ זיי אפ אזא אופנ אינ דער אנטוויקלונג פונ זייער „פאָטערלענדישנ" קאפיטאליזמ, אינ דער בארויבונג פונ די קאָלאָניעס אונ אינ איבערגעגעבנקייט צו דער אימפעריאליסטישער מעלוכע. דאָס דאָזיקע סיסטעמאטישע אונטערקויפנ האָט זיכ פראקטיקירט אונ פראקטיקירט זיכ באזונדערס ברייט אינ די שטארקסטע אימפעריאליסטישע לענדער, אונ דעמ בוי־

לעטסטנ אויסדרוק געפינט עס אינ דער אידעאָלאָגיע אונ פראקטיק פונ דער ארבעטער־אריסטאָקראטיע פונ די ביור־ראָקראטישע שיכטנ פונעמ ארבעטער־קלאס: פונ די אָנ־פירנדיקע קאדרענ פונ דער סאָציאל־דעמאָקראטיע אונ פונ די פראָפּאריינענ, וועלכע האבנ זיכ ארויסגעוויזנ אלס די־רעקטע דורכפירער פונ דער בורזשואזער ווירקונג אפנ פראָלעטאריאט אונ בעסטער אָנשפאר פונ דער קאפיטא־ליסטישער אָרדענונג.

אָבער, ארויסרופנדיק צומ לעבנ דעמ וווקס פונעמ אונ־טערגעקויפטנ אויבערשיכט פונעמ ארבעטער־קלאס, צע־שטערט סאָפקאָלסאָפ דער אימפעריאליזמ די ווירקונג פונעמ אויבערשיכט אפנ ארבעטער־קלאס, אפ וויפל די פאר־טיפערונג פונ די ווידערשפרוכנ אינעמ אימפעריאליזמ, די פארערגערונג פונ דער לאגע פונ די ברייטע ארבעטער־מאסנ אונ די מאסנהאפטע ארבעטלאָזיקייט פונעמ פראָלע־טאריאט, די קאָלאָסאלע הוצאָעס אפ די מילכאָמע־קאָנ־פליקטנ אונ די לאסט זייערע, דאָס, וואָס אייניקע מעלו־כעס האבנ פארלאָרנ זייערע מאָנאָפּאָל־פּאָזיציעס אפנ וועלט־מארק, די קאָלאָניעס זײַנענ פונ זיי אוועקגעגאנגענ א.א.וו.—דאָס שוועכט אונטער די באזע פונעמ סאָציאל־אימפעריאליזמ אינ די מאסנ. דאָס זעלביקע איז מיטנ סיס־טעמאטישנ אונטערקויפנ די פארשיידענע שיכטנ בורזשואזיע אינ די קאָלאָניעס אונ האלבע קאָלאָניעס, וואָס איר פאראט קעגנ דער נאציאָנאל־רעוואָלוציאָנערער באוועגונג אונ איר דערנעענטערונג מיט די אימפעריאליסטישע מעלוכעס פא־ראליזירט די אנטוויקלונג פונעמ רעוואָלוציאָנערנ קריזיס

בלויז צײַטווײַליק. אינ לעצטנ סאכאקל פירט עס צו א פארשטארקונג פונעמ אימפעריאליסטישנ יאָכ, צו א פאר־קלענערונג פונ דער ווירקונג פונ דער נאציאָנאלער בור־זשואזיע אפ די פאָלקס־מאסנ, צו א פארשארפונג פונעמ רעוואָליוציאָנערנ קריזיס, צומ פאנאנדערבינדנ די אגרארע רעוואָליוציע פונ די ברייטסטע מאסנ פויערטומ אונ צומ באשאפנ באדינגונגענ פאר דער העגעמאָניע פונעמ פראָלע־טאריאט פונ די קאָלאָניאלע אונ אָפהענגיקע לענדער אינעמ קאמפ פונ די פאָלקס־מאסנ פאר דער אומאָפהענגיקײַט אונ פולער נאציאָנאלער באפרײַונג.

## 4. דער אימפעריאליזמ אונ דער קראכ פונעמ קאפיטאליזמ

דער אימפעריאליזמ האָט אינ א הויכער מאָס אנטוויקלט די פראָדוציר־קויכעס פונעמ וועלט־קאפיטאליזמ. ער האָט פארענדיקט די צוגרייטונג פונ אלע מאטעריעלע פאָרהא־נאָכעס פונ דער סאָציאליסטישער אָרגאניזירונג פונ דער געזעלשאפט. מיט זײַנע מילכאָמעס דעמאָנסטרירט ער, אז די פראָדוציר־קויכעס פונ דער וועלט־ווירטשאפט, וועלכע זײַנענ אריבערגעוואקסנ די באגרענעצטע ראמענ פונ די אימפעריאליסטישע מעלוכעס, פאָדערנ די אָרגאניזירונג פונ דער ווירטשאפט אינ איר אלוועלטלעכנ, אינטערנאציאָנאלנ מאסשטאב. דער אימפעריאליזמ פרווט זיכ לייזנ דעמדאָ־זיקנ ווידערשפרוכ מיט פײַער אונ שווערד, אויסטרעטנדיק א וועג פאר אנ איינהײַטלעכנ אלוועלטלעכנ, מעלוכיש־

קאפיטאליסטישנ טרעסט, וועלכער אָרגאניזירט די גאנצע וועלט־ווירטשאפט. די־דאָזיקע בלוטיקע אוטאָפיע ווערט דורכ די סאָציאל־דעמאָקראטישע אידעאָלאָגנ באזונגענ אלס פרידלעכער מעטאָד פונעמ נײַעמ „אָרגאניזירטנ" קאפיטאליזמ. אינדערעמעסנ אָבער באגעגנט די דאָזיקע אוטאָפיע אפ איר וועג אומבאזיגבארע אָביעקטיווע שטערונגענ פונ אזא מאסשטאב, וואָס דער קאפיטאליזמ מוז אומפארמײַדלעכ פאלנ אונטער דער לאסט פונ זײַנע אייגענע ווידערשפרוכנ. דער געזעצ פונ דער ניט־גלײַכמעסיקער אנטוויקלונג פונעמ קאפיטאליזמ, א פארשארפטער דורכ דער אימפעריאליסטישער עפאָכע, מאכט פאר אומעגלעכ דויערנדיקע אונ פעסטע אינטערנאציאָנאלע פארייניקונגענ פונ די אימפעריאליסטישע מעלוכעס. פונ דער אנדער זײַט, א ריי אימפעריאליסטישע מילכאָמעס, וואָס וואקסנ אויס אינ וועלט־מילכאָמעס, אונ דורכ וועלכע דער געזעצ פונ צענטראליזירנ דעמ קאפיטאל שטרעבט צו דערגיינ צו זײַנ אלוועלטלעכנ גרענעצ — צו אנ איינהײַטלעכנ וועלט־טרעסט, — ווערט באגלייט מיט אזוינע צעשטערונגענ, וואלגערט ארופ אזוינע לאסטנ אפ די אקסלענ פונ דעמ ארבעטער־קלאס אונ פונ די מיליאָנענ קאָלאָניאלע פראָלעטאריער אונ פויערימ, אז דער קאפיטאליזמ מוז אסאכ פריער אומפארמײַדלעכ אומקומענ אונטער די קלעפ פונ דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע.

זײַענדיק די העכסטע פאזע אינ דער אנטוויקלונג פונעמ קאפיטאליזמ, דערפירנדיק צו העכסט־קאָלאָסאלע מאסשטאבנ די פראָדוציר־קויכעס פונ דער וועלט־ווירטשאפט,

איבערמאַכנדיק די גאַנצע וועלט לויט זײַנ געשטאַלט און אויסזענ, ציט אַרײַנ דער אימפּעריאַליזמ אינ דער אַרביטע פונ פינאַנצ־קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע אַלע קאָלאָניעס, אַלע ראַסנ און אַלע פעלקער. אָבער די מאָנאָפּאָליסטישע פאָרמ פונ קאַפּיטאַל אַנטוויקלט גלײַכצײַטיק אינ א וואַקסנדיקער מאָס די עלעמענטנ פונ פּאַראַזיטישנ איבערגעבורט, פונ פאַרפוילונג און דעגראַדאַציע פונעמ קאַפּיטאַליזמ. פאַרניכטנדיק אינ א געוויסער מאָס די טרײַבקראַפט פונ קאָנקורענצ, פירנדיק א פּאָליטיק פונ קאַרטעלפּרײַזנ, אומבאַגרענעצט באַלעבאַטעווענדיק אפנ מאַרק, האָט דער מאָנאָפּאָל־קאַפּיטאַל א טענדענצ צו פאַרהאַלטנ די ווײַטערדיקע אַנטוויקלונג פונ די פּראָדוציר־קויכעס. אַרויספּרעסנדיק קאָלאָסאַלע סומענ איבער־רעווער פונ די מיליאָנענ קאָלאָניאַלע אַרבעטער און פּויערימ, אָנזאַמלענדיק קאָלאָסאַלע האַכנאָסעס פונ דערדאָזיקער עקספּלואַטאַציע, שאַפט דער אימפּעריאַליזמ א טיפּ פונ פאַרפוילנדיקע און פּאַראַזיטיש־דעגענערירנדיקע מעלוכעס—ראַנטיעס און גאַנצע שיכטנ פּאַראַזיטנ, וועלכע לעבנ פונ שערנ קופּאָנעס. דערפירנדיק ביז צומ סאָפ דעמ פּראָצעס פונ באַשאַפנ די מאַטעריעלע פאָרהאַנאָכעס פאַרנ סאָציאַליזמ (די קאָנצענטרירונג פונ די פּראָדוציר־מיטלענ, די גיגאַנטישע פאַרגעזעלשאַפטלעכונג פונ דער אַרבעט, דער וווּקס פונ די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס), פאַרשאַרפט די אימפּעריאַליסטישע עפּאָכע די ווידערשפּרוכנ צווישנ די „גרויס־מאַכטנ“ און רופט אַרויס מילכאָמעס, וועלכע ברענגענ צו דער צעפאַלונג פונ דער אײנהײטלעכער וועלט־ווירטשאַפט. דער

אימפעריאליזמ איז דעריבער דער פארפוילנדיקער אונ אָפשטארבנדיקער קאפיטאליזמ. ער איז דער לעצטער עטאפ פונ דער קאפיטאליסטישער אנטוויקלונג ביכלאל. ער איז דער ערעוו פונ דער אלוועלטלעכער סאָציאליסטישער רעוואָלוציע.

די צווישנפעלקערלעכע פראָלעטארישע רעוואָלוציע דרינגט ארויס אזוי ארומ פונ די אנטוויקלונג־באדינגונגענ פונעמ קאפיטאליזמ ביכלאל, פונ זײַנ אימפעריאליסטישער פאזע ביפראט. די קאפיטאליסטישע סיסטעמ, אינגאנצנ גענומענ דערגייט צו איר ענדגילטיקנ קראכ. די דיקטאטור פונעמ פינאנצ־קאפיטאל קומט אומ אָפטרעטנדיק דעמ אָרט אירנ דער דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט.

---

# II. דער אלגעמיינער קריזיס פונעמ קאפּיטאליזמ אונ די ערשטע פאזע פונ דער וועלט־רעוואָליוציע

## 1. די וועלט-מילכאָמע אונ דער גאנג פונעמ רעוואָליוציאָנערנ קריזיס

דער אימפּעריאַליסטישער קאמפּ צווישנ די גרעסטע קאפּיטאליסטישע מעלוכעס פאר איבערפארטיילנ אפּסניי די וועלט האָט געבראכט צו דער ערשטער אלוועלטלעכער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע (1914—1918 י.). די דאָזיקע מילכאָמע האָט אופגעטרייסלט די גאנצע סיסטעמ פונ וועלט־קאפּיטאליזמ אונ זי האָט מיט זיכ אָנגעהויבנ דעמ פעריאָד פונ זייַנ *אלגעמיינעמ קריזיס*. זי האָט זיכ געשטעלט צומ דינסט די גאנצע פאָלקס־ווירטשאפט פונ די מילכאָמע־פירנדיקע לענדער דערמיט, וואָס זי האָט געשאפנ א געפּאנצערטנ פויסט פונ מעלוכע־קאפּיטאליזמ, האָט דערפירט ביז א גראנדיעזער מאָס די ניטפּראָדוקטיווע הויצאָעס, האָט פארניכטעט א קאָלאָסאלע צאָל פּראָדוציר־מיטלענ אונ לעבעדיקע ארבעט־קראפט, האָט רויִנירט די ברייטע

פאָלקס־מאסנ, האָט ארופגעוואָלגערט אָנצאָליקע לאסטנ אפ די אינדוסטריעלע ארבעטער, אפ די פויערימ, אפ די קאָלאָניאלע פעלקער. זי האָט אומפארמײַדלעכ פארשארפט דעמ קלאסנ־קאמפ, וועלכער איז אריבערגעוואקסנ ביז אָפענע רעוואָליוציאָנערע מאסנ־ארויסטרעטונגענ אונ ביז א בירגער־קריג. דער אימפעריאליסטישער פראָנט איז דורכגעריסנ געוואָרנ אינעמ סאמע שוואכסטנ רינג זײַנעמ — אינעמ צארישנ רוסלאנד. די פעווראל־רעוואָליוציע פונ 1917 יאָר האָט אראָפגעוואָרפנ די הערשאפט פונ דער גרויס־פריצישער זעלבסטהערשונג. די אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָט אראָפגעוואָרפנ די הערשאפט פונ דער בורזשואזיע. די דאָזיקע זיגרײַכע פראָלעטארישע רעוואָליוציע האָט עקספּראָפּריִרט די עקספּראָפּריאטערס, אָפּגענומענ בא דער בורזשואזיע אונ בא די גוטבאזיצער די פראָדוציר־מיטלענ, האָט צומ ערשטנ מאָל אינ דער מענטשלעכער געשיכטע באשאפנ אונ פארפעסטיקט די דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט אינ א ריזיק לאנד, האָט פארווירקלעכט אינ לעבנ א נײַעמ, סאָוועטישנ טיפ מעלוכע אונ געמאכט דעמ אָנהייב פונ דער צווישנפעלקערלעכער פראָלעטארישער רעוואָליוציע.

אפנ גרונט פונ דער מעכטיקער אופטרייסלונג פונעמ גאנצנ וועלט־קאפיטאליזמ, פונ דער פארשארפונג פונעמ קלאסנ־קאמפ אונ אונטער דער אומיטלבארער ווירקונג פונ דער פראָלעטארישער אָקטיאבער־רעוואָליוציע איז פאָרגעקומענ א ריי רעוואָליוציעס אונ רעוואָליוציאָנערע ארויסטרעטונגענ סײַ אפנ אייראָפּעיִשנ קאָנטינענט, סײַ אינ די

קאָלאָניאַלע און האַלב־קאָלאָניאַלע לענדער: אין יאַנוואַר 1918 יאָר — די אַרבעטער־רעוואָלוציע אין פינלאַנד; אין אווגוסט 1918 יאָר — די אויפגערופענע „רייז־בונטן" אין יאפאָ־ניע; אין נאָיאַבער 1918 יאָר — די רעוואָלוציעס אין עסטרייך און אין דייטשלאַנד, וועלכע האָבן אָראָפּגעוואָרפן דעם רעזשים פון די האַלב־פעאָדאַלע מאָנאַרכיעס; אין מאַרט 1919 יאָר — די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע אין אונגאַרן און דער אופשטאַנד אין קאָרייע; אין אַפּרעל 1919 יאָר — די סאָוועטן־מאַכט אין בייערן; אין יאַנוואַר 1920 יאָר — די בורזשואַזי־נאַציאָנאַלע רעוואָלוציע אין טערקיי; אין סענטיאַבער 1920 יאָר — דאָס פאַרכאַפּן די פאַבריקן דורך די אַרבעטער אין איטאַליע; אין מאַרט 1921 יאָר — דער אופשטאַנד פון די פאָרגעשריטענע אַרבעטער אין דייטשלאַנד; אין סענ־טיאַבער 1923 יאָר — דער אופשטאַנד אין באָלגאַריע; אין האַרבסט 1923 יאָר — דער רעוואָלוציאָנערער קריזיס אין דייטשלאַנד; אין דעקאַבער 1924 יאָר — דער אופשטאַנד אין עסטלאַנד; אין אַפּרעל 1925 יאָר — דער אופשטאַנד אין מאַראָקע; אין אווגוסט — אין סיריע; אין מיי 1926 יאָר — דער אַלגעמיינער שטרייק אין ענגלאַנד; אין יול 1927 יאָר — דער אַרבעטער־אופשטאַנד אין ווין. די אַלע פאַקטן, און צולעצט אַזוינע געשעענישן, ווי דער אופשטאַנד אין אינדאָנעזיע, די טיפע ברויזונג אין אינדיע, די גרויסע כי־נעזישע רעוואָלוציע, וועלכע האָט אופגעטרייסלט דעם גאַנצן אַזיאַטישן קאָנטינענט, — זיינען רינגען פון איין צווישנ־פעלקערלעכ־רעוואָלוציאָנערער קייט, באַשטאַנד־טיילן פונעם טיפסטן אַלגעמיינעם קריזיס פונעם קאַפּיטאַליזם. דערדאָזי־

קער צווישנפעלקערלעכ־רעוואָליוציאָנערער פראָצעס האָט ארומגעכאפט אי דעמ אומיטלבארנ קאמפ פאר דער דיק־טאטור פונעמ פראָלעטאריאט, אי די נאציאָנאל־באפרייַע־דישע מילכאָמעס, אי די קאָלאָניאלע אופשטאנדנ קעגנ אימפעריאליזמ, וועלכע זייַנענ אומצערייַסבאר פארבונדנ מיט דער אגרארער באוועגונג פונ מיליאָניקע מאסנ פויערטומ. גוואלטיקע מאסנ פונ דער מענטשהייַט זייַנענ אזוי ארומ ארייַנגעצויגנ געוואָרנ אינ דעמ רעוואָליוציאָנערנ שטראָמ. די וועלט־געשיכטע איז ארייַנגעטראָטנ אינ א נייַער פאזע פונ איר אנטוויקלונג, אינ א פאזע פונ א דויערנדיקנ אלגעמיי־נעמ קריזיס פונ דער קאפיטאליסטישער סיסטעמ. דערבייַ האָט די אייַנהייַט פונ דער וועלט־ווירטשאפט געפונענ איר אויסדרוק אינ דעמ אינטערנאציאָנאלנ כאראקטער פונ דער רעוואָליוציע, אונ די ניט־גלייַכמעסיקייַט אינ דער אנטוויק־לונג פונ אירע באזונדערע טיילנ—אינ דער פארשיידנצייַ־טיקייַט פונ דער רעוואָליוציע אינ באזונדערע לענדער.

די ערשטע פרוּוונ פונ א רעוואָליוציאָנערער איבער־קערעניש, וועלכע זייַנענ ארויסגעוואקסנ אפ דער באזע פונעמ שארפנ קריזיס פונעמ קאפיטאליזמ (פונ די יאָרנ 1918 — 1921), האָבנ זיכ פארענדיקט מיטנ זיג אונ מיט דער פארפעסטיקונג פונ דער פראָלעטארישער דיקטאטור אינ פססר אונ מיטנ דורכפאל פונעמ פראָלעטא־ריאט אינ א גאנצער ריי אנדערע לענדער. די דאָזיקע דורכפאלנ זייַנענ אינ דער ערשטער ריי א רעזולטאט פונ דער פא־רעטערישער טאקטיק פונ די סאָציאל־דעמאָקראטישע פירער אונ פונ די רעפאָרמיסטישע לידערס פונ דער פראָפעסיאָ־

נעלער באוועגונג, ווי אויכ א רעזולטאט דערפונ, וואָס די קאָמוניסטנ האָבנ נאָכ ניט געהאט פאר זיכ די מערהייט פונעמ ארבעטער־קלאס אונ אינ א גאנצער ריי וויכטיקסטע לענדער איז נאָכ ביכלאל קיינ קאָמוניסטישע פארטייענ ניט געוועננ. אפנ גרונט פונ דידאָזיקע דורכפאלנ, וועלכע האָבנ געשאפנ די מעגלעכקייט צו פארשטארקנ די עקספלואַטאציע פונ די פראָלעטארישע מאסנ אונ פונ די קאָלאָניאלע פעלקער, אפנ גרונט פונ שארפ אראָפּזעצנ זייער לעבנס־ניוואָ, האָט די בורזשואזיע דערגרייכט א טיילווייזע סטאבּיליזאציע פונ די קאפיטאליסטישע פארהעלטענישנ.

## 2. דער רעוואָליוציאָנערער קריזיס אונ די קאָנטר־רעוואָליוציאָנערע סאָציאל-דעמאָקראטיע

א באזונדער באדייטונג, אלס די גרעסטע קאָנטר־רעוואָליוציאָנערע קראפט, וועלכע האָט אקטיוו געקעמפט קעגנ דער רעוואָליוציע אונ האָט אקטיוו געשטיצט די טיילווייזע סטאביליזאציע פונעמ קאפיטאל, האָבנ אינעמ גאנג פונ דער אינטערנאציאָנאלער רעוואָליוציע באקומענ די אָנפירנדיקע קאדרענ פונ די סאָציאל־דעמאָקראטישע פארטייענ אונ פונ די רעפאָרמיסטישע פראָפעסיאָנעלע פאריינענ, אונ פונ דער צווייטער זייט, די קאפיטאליסטישע קאמפ־אָרגאניזאציעס פונ פאשיסטישנ טיפ.

דער מילכאָמע־קריזיס פונ די יאָרנ 1914 — 1918 איז באגלייט געווענ מיט א שענדלעכנ קראכ פונ דעמ

סאָציִאַל־דעמאָקראַטישן צווייטן אינטער־נאַציִאָנאַל. אין פולן ווידערשפרוך מיטן טעזיס פון מאַרקס־ענגעלסעס „קאָמוניסטישן מאַניפעסט“ וועגן דעם, אַז באַם קאַפּיטאַליזם האָבן ניט די פּראָלעטאַריער קיין פאָטערלאַנד, אין פולן ווידערשפרוך מיט די אַנטי־מילכאָמע־רעזאָליוציעס פונעם שטוטגאַרטער און באַזעלער קאָנגרעסן, האָבן די לידערס פון די נאַציאָנאַלע סאָציִאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטייען, מיט איינצלנע אויסנאַמען, געשטימט פאַר די מילכאָמע־קרעדיטן, אַנטשיידן אַרויסגעזאָגט זיך פאַר פאַרטיידיקן די אימפּעריִאַליסטישע „פאָטערלענדער“ (ד. ה. די מעלוכישע אָרגאַניזאַציעס פון דער אימפּעריִאַליסטישער בורזשואַזיע) און אָנשטאָט צו פירן אַ קאַמף קעגן דער אימפּעריִאַליסטישער מילכאָמע, זײַנען זיי געוואָרן אירע געטרײַע סאָלדאַטן, פּראָפּאַגאַנדיסטן און באַזינגער (דער סאָציִאַל־פּאַטריִאָטיזם, וועלכער וואַקסט אַריבער אין סאָציִאַל־אימפּעריִאַליזם). אינעם פאָלגנדיקן פּעריִאָד האָט די סאָציִאַל־דעמאָקראַטיע געשטיצט די רויבערישע אָפּמאַכן (בריסק, ווערסאַל); זי איז אַרויסגעטראָטן, ווי אַן אַקטיווע קראַפט אויף דער זײַט פון די גענעראַלן בײַם די בלוטיקע אונטערדריקונגען פון די פּראָלעטאַרישע אויפשטאַנדן (נאָסקע); זי האָט געפירט אַ באַוואָפנטן קאַמף קעגן דער ערשטער פּראָלעטאַרישער רעפּובליק (סאָוועטן־רוסלאַנד); זי האָט פאַרעטעריש געפעלשט דעם פּראָלעטאַריאַט, וועלכער האָט זיך געשטעלט בײַ דער מאַכט (אונגאַרן); זי איז אַרײַנגעטראָטן אין דער אימפּעריִאַליסטישער פעלקער־ליגע (טאָמאַ, פּאָל באָנקור, וואַנדערוועלדע); זי האָט זיך דירעקט געשטעלט אויף

דער זײַט פונ די אימפעריאליסטישע שקלאפנ־באזיצער קעגנ די קאָלאָניאַלע שקלאפנ (די ענגלישע ארבעטער־פארטיי); זי האָט אקטיוו געשטיצט די רעאקציאָנערסטע הענקער פונעמ ארבעטער־קלאס (באָלגאריע, פוילנ); זי האָט גענומענ אפ זיכ די איניציאטיוו פונ אימפעריאליסטישע „קריגס־געזעצנ" (פראנקרײַכ); זי האָט פאראטנ דעמ גרויסנ אלגעמיינעמ שטרײַק פונעמ ענגלישנ פראָלעטאריאט; זי האָט געהאָלפנ צו דערשטיקנ דעמ בערגער־שטרײַק; זי האָט געהאָלפנ אונ העלפט שטיקנ כינע אונ אינדיע (מאקדאָנאלדס רעגירונג); זי איז דער פראָפאגאנדיסט פונ דער אימפעריאליסטישער פעלקער־ליגע, דער אגיטאטער פונעמ קאפיטאל אונ די אָרגאניזירנדיקע קראפט אינעמ קאמפ קעגנ דער דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט אינ פססר (קאוטסקי, הילפערדינג).

סיסטעמאטיש דורכפירנדיק דידאָזיקע קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע פאָליטיק, אָפערירט די סאָציאַל־דעמאָקראטיע מיט אירע צוויי פליגלענ: דער *רעכטער* פליגל פונ דער סאָציאַל־דעמאָקראטיע, דער אָפנ קאָנטער־רעוואָליוציאָנערער, איז נייטיק פאר אונטערהאנדלונגענ אונ פאר א דירעקטער פארבינדונג מיט דער בורזשואזיע, דער „*לינקער*", — קעדיי אפ א באזונדער קונציקנ אויפנ אָפצונארנ די ארבעטער. די „לינקע" סאָציאַל־דעמאָקראטיע, וועלכע שפילט מיט דער פאציפיסטישער אונ צומאָל אפילע מיט דער רעוואָליוציאָנערער פראזע, טרעט אינדערעמעסנ ארויס קעגנ די ארבעטער, באזונדערס אינ די סאמע קריטישע מאָמענטנ (די ענגלישע „אומאָפהענגיקע" אונ די „לינקע" פירער

פונעם גענעראל־ראט ביים דעם אלגעמיינעם שטרייק אינ 1926 יאָר, אָטאָ באוער אונ קאָמפּ ביים דעם ווינער אופ־שטאנד א.א.וו.), אונ זי איז דעריבער די סאמע געפערלעכע פראקציע פונ די סאָציאל־דעמאָקראטישע פארטייען. באדי־נענדיק די אינטערעסנ פונ דער בורזשואזיע צווישנ דעמ ארבעטער־קלאס אונ שטייענדיק אינגאנצנ אפנ באָדנ פונ קלאסנ־מיטארבעט אונ קאָאליציע מיט דער בורזשואזיע, איז די סאָציאל־דעמאָקראטיע צייטנווייז געצווונגענ אריבערצוגיינ אפ דער לאגע פונ אנ אָפּאָזיציאָנעלער פארטיי אונ אפילע סימולירנ, אז זי פארטיידיקט די קלאסנ־אינטערעסנ פונעם פראָלעטאריאט אינ זיינ עקאָנאָמישנ קאמפּ בלויז קעדיי, געווינענדיק דערופּ דעמ צוטרוי פונ א טייל פונעם ארבע־טער־קלאס, נאָכ שענדלעכער צו פאראטנ זיינע דויערנדיקע אינטערעסנ, באזונדערס ביים אנטשיידענע קלאסנ־שלאכטנ.

די גרונט־ראָל פונ דער סאָציאל־דעמאָקראטיע באשטייט איצט אינ ארונטערייסנ די נייטיקע קאמפּס־איינהייט פונעם פראָלעטאריאט אינ זיינ קאמפּ קעגנ דעם אימפּעריאליזמ. צעשפּאלטנדיק אונ דעזאָרגאניזירנדיק דעמ איינהייטלעכנ פראָנט פונ פראָלעטארישנ קאמפּ קעגנ דעם קאפּיטאל, איז די סאָציאל־דעמאָקראטיע דער הויפּט־אָנשפּאר פונעם אימפּעריאליזמ אינעמ ארבעטער־קלאס. די צווישנפעלקער־לעכע סאָציאל־דעמאָקראטיע פונ אלע שאטירונגענ, דער צווייטער אינטערנאציאָנאל אונ זיינ פיליאלע פּראָפּאריינישע אָפּטיילונג, די אמסטערדאמער פאריייניקונג פונ די פּראָ־פאריינענ, זיינענ אזוי ארומ געוואָרנ א רעזערוו פאר דער בורזשואזער געזעלשאפט, איר זיכערסטער אָנשפּאר.

## 3. דער קריזיס פונעמ קאפיטאליזמ אונ פאשיזמ

צוגלײַכ מיט דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, מיט וועמעס הילפ די בורזשואַזיע דריקט אונטער די אַרבעטער אָדער זי שלעפערט אײַנ זײער קלאַסנ־וואַכזאַמקײַט, טרעט אַרויס דער פ א ש י ז מ.

די עפּאָכע פונ אימפּעריאַליזמ, די פאַרשאַרפונג פונעמ קלאַסנ־קאַמפ אונ דער אָנוווּקס, באַזונדערס נאָכ דער אימפּעריאַליסטישער וועלט־מלחמה, פונ עלעמענטנ פונ בירגער־קריג, האָבנ געבראַכט צומ באַנקראָט פונעמ פּאַרלאַמענטאַריזמ. דערפונ שטאַמענ די „נײַע“ מעטאָדנ אונ פאָרמענ פונ רעגירנ (צומ בײַשפּיל, די סיסטעמ פונ קלײנע קאַבינעטנ, דאָס באַשאַפנ אָליגאַרכישע הינטערקוליסנ־גרופּנ, דאָס פאַלנ אונ די פאַלסיפיצירונג פונ דער ראָל פונ דער „פאָלקס־פאָרשטײערשאַפט“, דאָס פאַרקירצנ אונ פאַרניכטנ די „דעמאָקראַטישע פרײַהײַטנ“ א.א.וו.) דער דאָזיקער פּראָצעס פונ אָנגריפ מצד דער בורזשואַז־אימפּעריאַליסטישער רעאַקציע באַקומט בא באַזונדערע היסטאָרישע באַדינגונגענ די פאָרמ פונ פאַשיזמ. אַזוינע באַדינגונגענ זײַנענ: די ניטשטאַנדהאַפטיקײַט פונ די קאַפּיטאַליסטישע פאַרהעלטענישנ; די אָנוועזנהײַט פונ באַדײַטנדיקע דעקלאַסירטע סאָציאַלע עלעמענטנ, די פאַראָרעמונג פונ די ברײטע שיכטנ שטאָטישער קלײנ־בורזשואַזיע אונ אינטעליגענצ; די אומצופרידנהײַט פונ דער דאָרפישער קלײנ־בורזשואַזיע, צולעצט, די שטענדיקע סאַקאָנע פונ מאַסנ־אַרויסטרעטונגענ פונעמ פּראָלעטאַריאַט. קעדײ צו זיכערנ פאַר זיכ א גרע־

סערע שטאנדהאפטיקײַט פונ דער מאכט, איר פעסטקײַט אונ באשטענדיקײַט, איז די בורזשואזיע אלצ מער אונ מער געצוווּנגענ אריבערצוגײנ פונ דער פארלאמענט־סיסטעמ צומ פאשיסטישנ מעטאָד, וועלכער איז אומאָפהענגיק פונ די צווישנ־פארטײיִשע פארהעלטענישנ אונ קאָמבינאציעס. דערדאָזיקער מעטאָד איז א מעטאָד פונ אומיטלבארער דיקטאטור, וואָס איז אידעאָלאָגיש צוגעדעקט מיט דער „אלנאציאָנאלער אידײע”. אונ מיט א פאָרשטײערשאפט פונ „פראָפעסיעס” (אינ טאָכ גענומענ, איז עס א פאָרשטײערשאפט פונ פארשײדענע גרופנ פונ די הערשנדיקע קלאסנ), א מעטאָד פונ אויסנוצנ די אומצופרידנקײַט פונ די קלײנבירגערלעכע, אינטעליגענטישע א.א.וו. מאסנ דורכ אנ אײגנארטיקער סאָציאל־דעמאגאָגיע (אנטיסעמיטיזמ, טײלווײַזע אויספאלנ קעגנ דעמ וואָכערישנ קאפיטאל, אופגערעגטקײַט קעגנ דער פארלאמענטישער „רײדארניע”) אונ דורכ קאָרופציע אינ דער פאָרמ פונ באשאפנ א צוזאמענבאהעפטע אונ באצאָלטע היערארכיע פונ די פאשיסטישע קאמפ־גרופנ, פונעמ פארטײיִשנ אפאראט אונ באאמטנטומ; דערבײַ שטרעבט דער פאשיזמ ארײַנצודרינגענ אויכ אינ דער ארבעטער־סוויווע, ווערבירנדיק די אמערסטנ אָפגעשטאנענע שיכטנ ארבעטער, אויסנוצנדיק זײער אומצופרידנקײַט, די פאסיווקײַט פונ דער סאָציאל־דעמאָקראטיע א.א.וו. די הויפט־אופגאבע פונעמ פאשיזמ איז צעגראָמירנ דעמ רעוואָלוציאָנערנ ארבעטער־אוואנגארד, ד. ה. די קאָמוניסטישע שיכטנ פונעמ פראָלעטאריאט אונ זײער קאדרענבאשטאנד. די קאָמבינאציע פונ סאָציאלער דעמאגאָגיע,

קאָרופציע אונ אקטיוונ ווײַסנ טעראָר, צוגלײַכ מיט אויסערגעוויינלעכער אימפעריאליסטישער אגרעסיווקײַט אינ דער ספערע פונ אויסערלעכער פאָליטיק זײַנענ די כאראקטעריסטישע שטריכנ פונעמ פאשיזמ. אינ די באזונדערס קריטישע פעריאָדנ פאר דער בורזשואזיע נוצט אויס דער פאשיזמ די אנטיקאפיטאליסטישע פראזעאָלאָגיע, אָבער ווי נאָר ער פארפעסטיקט זיכ באמ רודער פונ דער מעלוכע־מאכט, ווײַזט ער זיכ אלצ מער ארויס אלס טעראָריסטישע דיקטאטור פונ דעמ גרויסנ קאפיטאל, פארלירנדיק אפנ וועג זײַנע אנטיקאפיטאליסטישע קלאפער־געצײַג.

צופאסנדיק זיכ צו דער ענדערונג פונ דער פאָליטישער קאָניונקטור, נוצט אויס די בורזשואזיע אי די מעטאָדנ פונ פאשיזמ, אי די מעטאָדנ פונ קאָאליציע מיט דער סאָציאל־דעמאָקראטיע, דערבײַ שפילט די סאָציאל־דעמאָקראטיע ניט זעלטנ (אינ די סאמע קריטישע מאָמענטנ פאר דער בורזשואזיע) א פאשיסטישע ראָל. אינ איר אנטוויקלונג־גאנג ווײַזט זי ארויס פאשיסטישע טענדענצנ, וואָס דאָס שטערט איר ניט בא אנ אנדער פאָליטישער קאָניונקטור צו פראָנדירנ קעגנ דער בורזשואזער רעגירונג אלס אָפאָזיציאָנעלע פארטיי. דער מעטאָד פונ פאשיזמ אונ דער מעטאָד פונ קאָאליציע מיט דער סאָציאל־דעמאָקראטיע, וואָס ביידע זײַנענ זיי מעטאָדנ „אומגעוויינלעכע” פארנ נאָרמאלנ קאפיטאליזמ אונ וואָס דאָס זײַנענ סימאָנימ פונעמ אלגעמיינעמ קאפיטאליסטישנ קריזיס, נוצט די בורזשואזיע אויס אפ צו פארלאנגזאמענ דעמ פאָרויסמארש פונ דער רעוואָלוציע.

## 4. ווידערשפּרוכן פון דער קאַפּיטאַליסטישער סטאַביליזאַציע און די אומפאַרמיידלעכקייט פון אַ רעוואָליוציאָנערן קראַך פונעם קאַפּיטאַליזם

די דערפאַרונג פון דער גאַנצער היסטאָרישער נאָכמיל־כאָמעדיקער עפּאָכע דערווייזט, אַז די סטאַביליזאַציע פונעם קאַפּיטאַליזם, וועלכע איז דערגרייכט געוואָרן דורך דער־שטיקן דעם אַרבעטער־קלאַס און דורך אַ סיסטעמאַטישן דרוק אויף זיין לעבנס־ניוואָ, קאָן זיין נאָר אַ טיילווייזע, צייטווייליקע, פוילע.

די שפּרונגאַרטיקע און פיבערהאַפטע אַנטוויקלונג פון דער טעכניק, וועלכע גרענעצט אין איינעקע לענדער מיט אַ נייער טעכנישער איבערקערעניש, דער פאַרגיכערטער פּראָצעס פון קאָנצענטראַציע און צענטראַליזאַציע פונעם קאַפּיטאַל, די באַשאַפונג פון ריזיקע טרעסטן, „נאַציאָ־נאַלע" און „אינטערנאַציאָנאַלע" מאָנאָפּאָלן, דער צונויפ־וווקס פון די טרעסטן מיט דער מעלוכישער מאַכט, דער וווקס פון דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט־ווירטשאַפט קאָנען ניט, פונדעסטוועגן, ביישקומען דעם אַלגעמיינעם קריזיס פון דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם. די צעשפּאַלטונג פון דער וועלט־ווירטשאַפט אויף אַ קאַפּיטאַליסטישן און סאָציאַליס־טישן סעקטאָרן, די פאַרשמעלערונג פון די מערק, די אַנטיאימפּעריאַליסטישע באַוועגונג אין די קאָלאָניעס פאַר־שאַרפן אויפן העכסטן גראַד אַלע ווידערשפּרוכן פונעם קאַפּי־טאַליזם, וועלכער אַנטוויקלט זיך אויף אַ נייער נאָכ־מיל־

מעדיקער באזע. דער טעכנישער פּראָגרעס גופע און די ראַ־
ציאָנאַליזאַציע פון דער אינדוסטריע, וואָס די צווייטע זייט
זייערע איז דאָס פארמאכנ און ליקווידירנ א ריי אונטער־
נעמונגענ, דאָס באגרענעצנ די פּראָדוקציע, די אָנראַכמאָ־
נעסדיקע און רויבערישע עקספּלואַטאַציע פונ דער ארבעט־
קראפט, ברענגענ צו קאָלאָסאלע, נאָכ פריער ניט געזעענער,
כראָנישער ארבעטלאָזיקייט. עס ווערט א פאקט די אבסאָ־
ליוטע פארערגערונג פונ דער לאגע פונעמ ארבעטער־
קלאס אפילע אינ א ריי אנטוויקלטע קאפּיטאליסטישע לענ־
דער. דער וווּקס פונ דער קאָנקורענצ צווישנ די אימפּע־
ריאליסטישע לענדער און די שטענדיקע מילכאָמע־געפאר,
די אָנוואקסנדיקע אָנגעשטרענגטקייט פונ די קלאסנ־קאָנ־
פליקטנ שאפנ פאָרהאנאָכעס פאר א נייעמ, נאָכ העכערנ
עטאפּ אינ דער אנטוויקלונג פונעמ אלגעמיינעמ קריזיס
פונעמ קאפּיטאליזמ און אינ דער אנטוויקלונג פונ דער
פּראָלעטארישער וועלט־רעוואָליוציע.

אינ רעזולטאט פונ ערשטנ טור אימפּעריאליסטישע מיל־
כאָמעס (די וועלט־מילכאָמע פונ די יאָרנ 1914—1918) און
פונעמ אָקטיאבער־זיג פונעמ ארבעטער־קלאס אינ דער גע־
וועזענער אימפּעריע פונעמ רוסלענדישנ צאר, איז די
וועלט־ווירטשאפט צעשפּאָלטנ געוואָרנ אפּ צוויי פּרינציפּיעל־
פיינטלעכע לאגערנ: דער לאגער פונ די אימפּעריא־
ליסטישע מעלוכעס און די פּראָלעטארישע דיק־
טאטור אינ פססר. די פארשיידנקייט אינ דער קלאסנ־
סטרוקטור, די פארשיידנקייט אינ דער קלאסנ־נאטור פונ
דער מאכט, דער פּרינציפּיעלער אונטערשייד אינ די צילנ

פֿונ דער אינערלעכער אונ אויסערלעכער, פֿונ דער עקאָנאָמישער אונ קולטורעלער פּאָליטיק, די פּרינציפּיעל־פֿארשיידענע ריכטונג פֿונ דער גאנצער אנטוויקלונג שטויסנ שארפֿ צונויפֿ די קאפּיטאליסטישע וועלט מיט דער מעלוכע פֿונעמ זיגרייכנ פּראָלעטאריאט. אינ די ראמענ פֿונ דער פֿריִער איינהייטלעכער וועלט־ווירטשאפֿט קעמפֿנ צוויי אנטאָגאָניסטישע סיסטעמענ: די סיסטעמ פֿונ קאפּיטאליזמ אונ די סיסטעמ פֿונ סאָציאליזמ. דער קלאסנ־קאמפֿ, וועלכער איז ביז איצט געפֿירט געוואָרנ אינ אזוינע פֿאָרמענ, ווענ דער פּראָלעטאריאט האָט ניט געהאט קיינ אייגענע מעלוכע־מאכט, ווערט איצט רעפּראָדוצירט אינ א גוואלטיקנ, בעעמעס אלוועלטלעכנ מאסשטאב, דערביי האָט שוינ דער אלוועלטלעכער ארבעטער־קלאס זיינע אנ אייגענע מעלוכע, דאָס איינציקע פֿאָטערלאנד פֿונעמ אינטערנאציאָנאלנ פּראָלעטאריאט. די עקזיסטענצ פֿונעמ סאָוועטנ־פֿארבאנד מיט זיינ אלוועלטלעכנ איינפֿלוס אפֿ די ארבעטנדיקע אונ אונטערדריקטע מאסנ איז שוינ אליינ פֿאר זיכ דער בוילעטסטער אויסדרוק פֿונעמ טיפֿסטנ קריזיס אינ דער קאפּיטאליסטישער וועלט־סיסטעמ אונ פֿונ אזא פֿארברייטערונג אונ פֿארשארפֿונג פֿונעמ קלאסנ־קאמפֿ, וואָס איז נאָכ אינ דער געשיכטע ניט געווענ.

ניט זייענדיק אימשטאנד ביייצוקומענ אירע אינערלעכע ווידערשפּרוכנ, פּרוווט זיכ די קאפּיטאליסטישע וועלט באשאפֿנ אינטערנאציאָנאלע פֿארייניקונגענ (די פֿעלקער־ליגע) מיטנ הויפּטציל: אָפּשטעלנ דעמ ראשיקנ וווקס פֿונעמ רעוואָליוציאָנערנ קריזיס, דערשטיקנ דורכ א בלאָקאדע אָדער

דורכ א מילכאָמע דעמ פארבאנד פונ די פראָלעטארישע רעפובליקנ, גלייכצייטיק באהעפטנ זיכ ארומ דעמ פססר אלע קרייזעס פונעמ רעוואָלוציאָנערנ פראָלעטאריאט אונ פונ די אונטערדריקטע קאָלאָניאלע מאכנ: קעגנ דער ניט פעסטער, פונ אינעווייניק צעפרעסענער, נאָר ביז די ציינער באוואָפנטער וועלט-קאָאליציע פונעמ קאפיטאל שטייט די איינהייטלעכע וועלט-קאָאליציע פונ דער ארבעט. אזוי ארומ איז אינעמ רעזולטאט פונעמ ערשטנ טור אימפעריאליסטישע מילכאָמעס אויסגעוואקסנ א נייער פרינציפיעלער ווידערשפרוכ פונ אלוועלטלעכ-היסטאָרישנ מאסשטאב אונ באדייטונג: דער ווידערשפרוכ צווישנ פססר אינ דער קאפיטאליסטישער וועלט.

פונ דער צווייטער זייט האָבנ זיכ פארשארפט אויכ די אנטאָגאָניזמענ אינעווייניק אינ דעמ קאפיטאליסטישנ סעקטער פונ דער וועלט-ווירטשאפט גופע. דער איבערוק פונעמ עקאָנאָמישנ וועלט-צענטער אינ די פאריייניקטע שטאטנ פונ אמעריקע, די פארוואנדלונג פונ דער „דאָלארנ-רעפובליק" אינ א וועלט עקספלואטאטער האָבנ פארשארפט די באציונגענ צווישנ די פאריייניקטע שטאטנ אונ דעמ אייראָפּייִשנ קאפיטאליזמ, אינ דער ערשטער ריי דעמ קאפיטאליזמ פונ גרויס-בריטאניע. דער קאָנפליקט צווישנ דעמ סאמע מעכטיקנ פונ די אלטע קאָנסערוואטיווע אימפעריאליסטישע לענדער, גרויס-בריטאניע, אונ דעמ גרעסטנ לאנד פונ יונגנ אימפעריאליזמ, וואָס האָט שוינ אויסגעקעמפט פאר זיכ די וועלט-העגעמאָניע, — די פאריייניקטע שטאטנ, — ווערט די

אקס פונ די וועלט־קאָנפליקטנ צווישנ די מעלוכעס פונעמ פינאנצ־קאפיטאל. דייטשלאנד, וועלכע איז בארויבט געוואָרנ דורכנ ווערסאלער שאָלעמ, איז ווירטשאפטלעכ געקומענ צו זיכ אונ שטעלט זיכ ווידער אפנ וועג פונ אימפעריאַ־ליסטישער פאָליטיק אונ זי הויבט אפסניי אָנ ארויסטרעטנ, ווי אנ ערנסטער קאָנקורענט אפנ וועלט־מארק. אפנ שטילנ אָקעאנ פלעכט זיכ צונויפ דער קנופ ווידערשפרוכנ, וואָס די וויכטיקסטע באזע זייערע איז דער אמעריקאניש־יאפאָנישער קאָנפליקט. צוגלייכ מיט דידאָזיקע גרונטלעכע אנטאַגאָניזמענ, אנטוויקלענ זיכ די אינטערעסנ־ווידערשפרוכנ צווישנ די זיכ ענדערנדיקע אונ ניט שטאנדהאפטיקע גרופירונגענ פונ מעלוכעס, דערביי שפילנ די צווייטראנגיקע מעלוכעס די ראָל פונ געהילפ־געווער אינ די הענט פונ די אימפעריאליסטישע אגענטנ אונ זייערע קאָאליציעס.

דער וווּקס פונ דער פראָדוציר־פייקייט פונעמ וועלט־קאפיטאליסטישנ אינדוסטריעלנ אפאראט בא די באדינגונגענ, ווענ אינ רעזולטאט פונ דער מילכאָמע זיינענ די אינערלעכע מערק פונ אייראָפע פארשמעלערט געוואָרנ, ווענ פונ דער ספערע פונ ריינ־קאפיטאליסטישנ אומואצ איז ארויסגעפאלנ דער סאָוועטנפארבאנד, ווענ די וויכטיקסטע רויווארג־אונ הייצווארג־קוואלנ זיינענ אפנ העכסטנ ראד מאָנאָפאָליזירט, — ברענגט דערצו, אז די קאָנפליקטנ צווישנ די קאפיטאליסטישע מעלוכעס זאָלנ זיכ אלצ מער אנטוויקלענ. דער „פרידלעכער" קאמפ פאר נאפט, קאוטשוק, בוימוואָל, קוילנ, מעטאל, פאר א נייער איבערפארטיילונג

פון די מערק און אינוועסטיציע־ספערן פון קאפּיטאלן פירט
אומפאַרמײַדלעך צו א נײַער וועלט־מילכאָמע, וואָס
וועט זײַן אלץ מער אויסראָטעריש, וואָס גרעסערע דער־
פאָלגן עס מאכט די קריגס־טעכניק, וועלכע אנטוויקלט זיך
מעשוגענערווײַז.
גלײַכצײַטיק וואקסן די ווידערשפּרוכן צווישן די מע־
טראָפּאָליעס און די קאָלאָניאַלע און האלב־
קאָלאָניאַלע לענדער. די געוויסע אָפּשוואכונג פונעם
אייראָפּייִשן אימפּעריאַליזם אין רעזולטאט פון דער מיל־
כאָמע, די אנטוויקלונג פונעם קאפּיטאליזם אין די קאָלאָ־
ניעס, די ווירקונג פון דער סאָוועטישער רעוואָליוציע, די
צענטראָפוגאלע טענדענצן אין דער וויכטיקסטער יאם־און
קאָלאָניעס־מעלוכע—אין גרויס־בריטאניע (קאנאדע, אווסט־
ראליע, דאָרעם־אפריקע)—האָבן פארלײַכטערט די צעבינ־
דונג פון אופשטאנדן אין די קאָלאָניעס און האלב־קאָלאָ־
ניעס. די גרויסע כינעזישע רעוואָליוציע, וועלכע האָט
געבראכט אין באוועגונג הונדערטער מיליאָנען פונעם
כינעזישן פאָלק, איז א גוואלטיקער דורכברוך אין דער
גאנצער אימפּעריאַליסטישער סיסטעם. די אָנופהערלעכע
רעוואָליוציאָנערע יוירונג צווישן די הונדערטער מיליאָנען
כינעזישע ארבעטער און פויערים דראָט צו צעברעכן די הער־
שאפט פון דער אימפּעריאַליסטישער וועלט־ציטאדעל—גרויס־
בריטאניע. דער וווקס פון די טענדענצן, וואָס זײַנען געצילט
קעגן דעם מעכטיקן אימפּעריאַליזם פון די פאראייניקטע שטאטן
אין די לענדער פון דער לאטיינישער אמעריקע, זײַנען
אַ קראפט, וועלכע רײַסט ארונטער די עקספּאנסיע פון

צאָפנ־אמעריקאנישנ קאפיטאל. אזוי ארום איז דער רעוואָ־ליוציאָנערער פראָצעס אינ די קאָלאָניעס, וועלכער ציט ארייַנ אינ קאמפ מיטנ אימפעריאליזמ די גוואלטיקע מער־הייַט פונ דער באפעלקערונג אפ דער ערד, וואָס איז ארונ־טערגעוואָרפנ דער פינאנצ־קאפיטאליסטישער אָליגארכיע פונ עטלעכע גרעסטע אימפעריאליסטישע „גרויסמאכטנ”, דער פראָצעס איז אויכ אנ אויסדרוק פונעמ אלגעמייַנעמ טיפנ קריזיס פונ דער קאפיטאליסטישער סיסטעמ. אָבער אויכ אינ אייראָפּע, ווו דער אימפעריאליזמ האָט אוועקגע־שטעלט אונטער זייַנ שווערנ שטיוול א רייַ קליינע נאציעס, איז די נאציאָנאלע פראגע א פאקטער, וועלכער פארשארפט די אינערלעכע ווידערשפרוכנ אינעמ קאפי־טאליזמ.

אונ צולעצט ווערט צייַטיק דער רעוואָליוציאָנערער קריזיס מיט אומפארמייַדלעכקייַט **אויכ אינ די אימפע־ריאליסטישע צענטרענ גופא**: דער אָנגריפ פונ דער בורזשואזיע אפנ ארבעטער־קלאס, אפ זייַנ לעבנס־ניוואָ, אפ זייַנע אָרגאניזאציעס, אפ זייַנע פּאָליטישע רעכט, אונ דער ווּוקס פונעמ ווייַטנ טעראָר רופנ ארויס א וואקסנדיקנ ווידערשטאנד מיצאד די ברייטע מאסנ פונעמ פראָלעטא־ריאט אונ א פארשארפונג פונעמ קלאסנ־קאמפ צווישנ דעמ ארבעטער־קלאס אונ דעמ טרעסטיפיצירטנ קאפיטאל. די גראנדיעזע שלאכטנ צווישנ ארבעט אונ קאפיטאל; דער וואקסנדיקער פראָצעס פונ לינק ווערנ פונ די מאסנ; דער ווּוקס פונעמ איינפלוס אונ אווטאָריטעט פונ די קאָמוניס־טישע פארטייענ; דער קאָלאָסאלער ווּוקס פונ סימפאטיעס

מיצאד די ברייטסטע ארבעטער־מאסנ צומ לאנד פונ דער פראָלטארישער דיקטאטור,—דאָס אלצ ווײַזט קלאָר אָנ אפנ אָנוווּקס פונ א נײַעמ רעוואָליוציאָנערנ אופשטײַג אינ די צענטרענ פונעמ אימפעריאליזמ.

אזוי ארומ, די סיסטעמ פונ וועלט־אימפעריאליזמ, אונ צוזאמענ מיט איר אויכ די טיילווײַזע סטאביליזאציע פונעמ קאפיטאליזמ, ווערט צעפרעסנ פונ פארשיידענע עקנ: פונ דער זײַט פונ די ווידערשפרוכנ אונ קאָנפליקטנ צווישנ די אימפעריאליסטישע מעלוכעס; פונ דער זײַט פונ די מיליאָ־ניקע קאָלאָניאלע מאסנ, וועלכע שטייענ אופ צומ קאמפ; פונ דער זײַט פונעמ רעוואָליוציאָנערנ פראָלעטאריאט פונ די מעטראָפּאָליעס; צולעצט, פונ דער זײַט פונעמ העגעמאָנ אינ דער אלוועלטלעכער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג—פונ דער פראָלעטארישער דיקטאטור אינ פכסר. די אינטערנאציאָ־נאלע רעוואָליוציע אנטוויקלט זיכ.

קעגנ איר זאמלט זײַנע קויכעס דער אימפעריאליזמ. עקספּעדיציעס קעגנ די קאָלאָניעס, א נײַע וועלט־מילכאָמע, א מארש קעגנ פססר שטעלט דער אימפעריאליזמ אינ טאָג־אָרדענונג. דאָס וועט אומפארמײַדלעכ ברענגענ דערצו, אז עס זאָלנ צעבונדנ ווערנ אלע קויכעס פונ דער צווישנפעלקערלעכער רעוואָליוציע אונ דער קאפיטאליזמ זאָל אומפארמײַדלעכ אומ־קומענ.

## III. דער ענדציל פונעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל איז דער וועלט-קאָמוניזם

דער ענדציל, צו וועלכן עס שטרעבט דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל, איז פארבײַטן די קאפּיטאַליסטישע וועלט־ווירטשאַפט אפּ א וועלט־סיסטעם פון קאָמוניזם. די קאָמוניסטישע געזעלשאַפט, וועלכע ווערט צוגעגרייט דורכן גאַנצן גאַנג פון דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג, איז דער איינציקער אויסוועג פאַר דער מענטשהײַט, ווײַל נאָר זי פאַרניכטעט די ווידערשפּרוכן אין דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם, וועלכע דראָען דער מענטשהײַט מיט דעגראַדאַציע און אומקום.

די קאָמוניסטישע אָרדענונג פאַרניכטעט די צעטיילונג פון דער געזעלשאַפט אפּ קלאַסן, דאָס הייסט, אַז צוגלײַך מיטן פאַרניכטן די פּראָדוציר־אַנאַרכיע, פאַרניכטעט זי אַלע מינים און פאָרמען פון עקספּלואַטירן און אונטערדריקן איין מענטשן דורך אַ צווייטן. אָנשטאָט די קעמפנדיקע

קלאסנ קומענ מיטגלידער פונ אנ איינהייטלעכער אלוועלט־
לעכער ארבעטער־אסאָציאַציע. צום ערשטנ מאָל אינ דער
געשיכטע נעמט די מענטשהייט איר גורל אינ איר'ע איי־
גענע הענט. אָנשטאָט צו פארניכטנ אינ שלאכטנ צווישנ
קלאסנ אונ פעלקער אָנ א צאָל מענטשלעכע לעבנס אונ
אָנצאָליקע רייכטימער, ווענדעט די מענטשהייט איר גאנצע
ענערגיע אפ קעמפנ מיט די נאטור־קויכעס, אפ אנטוויק־
לענ אונ אופהייבנ איר אייגענע קאָלעקטיווע מאכט.

פארניכטנדיק דאָס פריוואט־אייגנטום אפ די פראָדוציר־
מיטלענ, פארוואנדלענדיק זיי אינ געזעלשאפטלעכנ אייגנ־
טום, פארבייט די וועלט־סיסטעמ פונ קאָמוניזמ די סטיכיישע
קראפט פונ וועלט־מארק אונ קאָנקורענצ, דעמ בלינדנ
גאנג פונ געזעלשאפטלעכער פראָדוקציע—אפ א באוווסט־
זיניקער אונ פלאנמעסיקער אָרגאניזאציע וואָס איז
געווענדעט אפ צו באפרידיקנ די גיכ וואקסנדיקע גע־
זעלשאפטלעכע באדערפענישנ. צוזאמענ מיטנ פארניכטנ
די פראָדוציר־אנארכיע אונ די קאָנקורענצ, ווערנ פאר־
ניכטעט אויכ די פארוויסטנדיקע קריזיסנ אונ די נאָכ מער
פארוויסטנדיקע מילכאָמעס. דער קאָלאָסאלער פארשווענדונג
פונ די פראָדוציר־קייכעס אונ דער קאָנוולסיווער אנטוויק־
לונג פונ דער געזעלשאפט ווערט דאָ אנטקעגנגעשטעלט
א פלאנמעסיקע פאראָרדענונג מיט אלע אירע מאטעריעלע
רעסורסנ אונ אנ אָנווייטיקדיקע עקאָנאָמישע אנטוויקלונג אפנ
גרונט פונ אנ אומבאגרענעצטנ, גלאטיקנ אונ שנעלנ אופ־
שטייג פונ די פראָדוציר־קויכעס. דאָס אָפשאפנ פרי־
וואט־אייגנטום אונ דאָס פארשווינדנ פונ די קלאסנ פאר־

ניכטנ די עקספלואטאציע פונ אײנ מענטשנ דורכ א צווייטנ. די ארבעט הערט אופ צו זײַנ ארבעט אפנ קלאסנ־סוינע: זי הערט אופ צו זײַנ בלויז א מיטל צומ לעבנ אונ ווערט פארוואנדלט אינ דער וויכטיקסטער לעבנס־באדערפעניש. עס פארשווינדט די אָרעמקײַט, עס פארשווינדט די עקאָנאָמישע אומגלײַכקײַט צווישנ מענטשנ, דער דאלעס פונ די פארשקלאפטע קלאסנ, דער קלאָגעדיקער מאטעריעלער לעבנס־ניוואָ ביכלאל; עס פארשווינדט די מענטשנ־היעראר־כיע בײַ דער ארבעט־צעטײלונג, אונ צוזאמענ מיט דעמ פארשווינדט אויכ דער ווידערשפרוכ צווישנ גײַסטיקער אונ פיזישער ארבעט; עס פארשווינדנ, צולעצט, אלע שפורנ פונ סאָציאלער אומגלײַכקײַט צווישנ די געשלעכטנ. צוזאמענ מיט דעמ פארשווינדנ אויכ די אָרגאנענ פונ קלאסנ־הערשאפט, אינ דער ערשטער רײ די מעלוכישע מאכט. זײַענדיק די פארקערפערונג פונ קלאסנ־הערשאפט, שטארבט זי אָפּ אינ דער מאָס, ווי עס שטארבנ אָפּ די קלאסנ. צוזאמענ מיט איר שטארבנ ביסלעכווײַז אָפּ אלע אונ אלערלײ צוואנג־נאָרמעס.

דאָס פארשווינדנ פונ די קלאסנ ווערט באגלײט דורכ דער פארגיכטונג פונ יעטווידער מאָנאָפּאָל אפּ בילדונג. קולטור ווערט אנ אלגעמײנע דעראָבערונג, אונ דאָס אָרט פונ די פריערדיקע קלאסנ־אידעאָלאָגיעס פארנעמט די וויסנשאפטלעכע מאטעריאליסטישע וועלט־אָנשויונגענ. בײַ אזא זאכלאגע ווערט אומעגלעכ א וועלכע עס איז הער־שאפט פונ מענטשנ איבער מענטשנ, אונ עס אנטפלעקט זיכ א גוואלטיק פעלד פארנ געזעלשאפטלעכנ אָפּקלײַב אונ

פאר דער הארמאָנישער אנטוויקלונג פונ אלע פײִקײַטנ,
וואָס זײַנענ פאראנ אינעם מענטשנ.
דעם וווקס פונ די פראָדוקציר־קויכעס וועלנ דאָ ניט גע־
שטעלט קיינ שום גרענעצנ פונ א געזעלשאפטלעכנ כא־
ראקטער. ניט קיינ פריוואט־אייגנטום אפ פראָדוקציר־מיטלענ,
ניט קיינ אייגנוציקע אויסרעכענונגענ אפ רעווער, ניט קיינ
קינסטלעכ־געשטיצטע אומוויסנהײַט פונ די מאסנ, ניט קיינ
אָרעמקײַט צווישנ זיי, וואָס פארהאלט דעם טעכנישנ
פראָגרעס פונ דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט, קיינע
קאָלאָסאלע ניטפראָדוקטיווע הויצאָעס עקזיסטירנ ניט אינ
דער קאָמוניסטישער געזעלשאפט. די נאטור־קויכעס אונ די
נאטור־באדינגונגענ פונ דער פראָדוקציע אינ באזונדערע
וועלט־טיילנ וועלנ אויסגענוצט אפנ צוועקמעסיקסטנ אופנ,
עס וועט פארניכטעט די קעגנזעצלעכקײַט צווישנ שטאָט
אונ דאָרפ, די קעגנזעצלעכקײַט, וואָס איז פארבונדנ מיט
דעם סיסטעמאטישנ אָפשטיינ פונ דער לאנדווירטשאפט אונ
מיט דעם נידעריקנ ניוואָ פונ איר טעכניק; די מאקסימאלע
פארייניקונג פונ דער וויסנשאפט אונ טעכניק, פונ אויס־
פאָרשונג־ארבעט אונ פונ איר פראקטישער אָנווענדונג אינ
סאמע ברייטסטנ געזעלשאפטלעכנ מאסשטאב; די פלאנ־
מעסיקע אָרגאניזאציע פונ דער וויסנשאפטלעכער ארבעט
גופע; דאָס אָנווענדנ די פולקומסטע מעטאָדנ פונ סטא־
טיסטישנ דיסקאָנט אונ פונ פלאנמעסיקער ווירטשאפטלע־
כער רעגולירונג; די שטארקסטע אינערלעכע באוועגער פונ
דער גאנצער סיסטעמ — די שנעל־וואקסנדיקע געזעל־
שאפטלעכע באדערפענישנ, — דאָס אלצ גאראנטירט דעם

מאקסימום פראָדוקטיווקייט פונ דער געזעלשאפטלעכער ארבעט אונ באפרייט פונ איר זייט די מענטשלעכע ענער-גיע פאר א מעכטיקנ וווקס פונ דער וויסנשאפט אונ קונסט.

די אנטוויקלונג פונ די פראָדוציר-קויכעס פונ דער אלוועלט-לעכער קאָמוניסטישער געזעלשאפט גיט א מעגלעכקייט פארנ אופשטייג פונעם וווילשטאנד פונ דער גאנצער מענטשנ-מאסע אונ פאר דער מאקסימאלער פארקירצונג פונ דער צייט, וואָס זי גיט אוועק אפ דער מאטעריעלער פראָדוקציע, אונ דאָס הייסט, אז זי גיט א מעגלעכקייט פאר אזא קול-טורעלנ אופבלי, וואָס איז אינ דער געשיכטע ניט געזענ געוועזנ. דידאָזיקע נייע קולטור פונ דער צום ערשטנ מאָל פאראייניקטער מענטשהייט, וועלכע האָט פארניכטעט אלע אונ אלערליי מעלוכישע גרענעצנ, וועט זיכ, אינ קעגנזאצ צום קאפיטאליזם, שטיצנ אפ קלאָרע אונ דורכזיכטיקע באציונגענ צווישנ מענטשנ. דעריבער וועט זי אפ אייביק באגראָבנ יעטווידער מיסטיק, רעליגיע, אבערגלויבנס אונ פאָרורטיילנ אונ וועט געבנ א מעכטיקנ שטויס פאר דער אנטוויקלונג פונ דער אלצ באזיגנדיקער וויסנשאפטלעכער דערקענטעניש.

דידאָזיקע *העכסטע* סטאדיע פונ קאָמוניזם, ווענ די קאָמוניסטישע געזעלשאפט האָט *זיכ שוינ* אנטוויקלט אפ איר אייגענער באזע, ווענ צוזאמענ מיט דער אלזייטיקער אנטוויקלונג פונ די מענטשנ זיינענ אינ א קאָלאָסאלער מאָס אויסגעוואָקסנ אויכ די געזעלשאפטלעכע פראָדוציר-קויכעס, ווענ די געזעלשאפט האָט שוינ אָנגעשריבנ אפ איר

פאַן: „פון יעדערן לויט זיינע פייִקייטן, יעדערן לויט זיינע באַדערפענישן!"—דאַרף אַלס היסטאָרישן פאָרבאַדינג האָבן די נידעריקערע סטאַדיע פון איר אַנטוויקלונג, די סטאַדיע פון סאָציאַליזם. דאָ גייט ערשט די קאָמוניסטישע געזעלשאַפט אַרויס פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, זי גייט אַרויס אין אַלע הינזיכטן—אין עקאָנאָמישן, אין מאָראַלישן, אין גייסטיקן—אַ באַדעקטע מיט געבורט־פלעקן פון דער אַלטער געזעלשאַפט, וואָס פון איר שויס ווערט זי געבאָרן. די פּראָדוציר־קויכעס פון סאָציאַליזם זיינען נאָך ניט גענוג אַנטוויקלט, כדי צו זיכערן די פאַרטיילונג פון די אַרבעט־פּראָדוקטן לויט די באַדערפענישן: זיי ווערן פאַרטיילט לויט דער אַרבעט. די אַרבעט־צעטיילונג, דאָס הייסט, דאָס פאַרפעסטיקן באַשטימטע אַרבעט־פונקציעס פאַר באַשטימטע גרופּן מענטשן, איז נאָך ניט ליקווידירט, און באַזונדערס איז נאָך ניט פאַרניכטעט אין גרונט דער קעגנזאַץ צווישן דער גייסטיקער און פיזישער אַרבעט. ניט געקוקט אָפּ דער פאַרניכטונג, פון די קלאַסן זיינען נאָך פאַראַן רעשטלעך פון דער אַלטער קלאַסן־צעטיילונג פון דער געזעלשאַפט, און דאָס הייסט, אויך רעשטלעך פון דער פּראָלעטאַרישער מלוכע־מאַכט, פון צוואַנג, רעכט. עס בלייבן נאָך, הייסט עס, געוויסע שפּורן פון אומגלייכקייט, וואָס האָבן נאָך ניט באַוויזן אָפּצושטאַרבן. ניט פאַרניכטעט און ניט ליקווידירט אינגאַנצן איז נאָך דער קעגנזאַץ צווישן שטאָט און דאָרף. אָבער די אַלע רעשטלעך פון דער אַלטער געזעלשאַפט ווערן ניט פאַרטיידיקט און ניט באַשיצט דורך קיין שום געזעלשאַפטלעכער קראַפט.

זײַענדיק פֿארבונדן מיט א באשטימטן אנטוויקלונג־ניוואָ פֿון די פּראָדוקציר־קויכעס, פֿארשווינדן זיי אין איינ גאנג מיט דעם, ווי די מענטשהײַט, א באפֿרײַטע פֿון די קייטן פֿון דער קאפּיטאליסטישער אָרדענונג, באהערשט אין א שנעלן טעמפּ די נאטור־קויכעס, דערציט זיך אליינ איבער, אינעם גײַסט פֿון קאָמוניזם און גייט אריבער פֿון סאָציאליזם צום פֿולן קאָמוניזם.

# IV. דער איבערגאנג-פּעריאָד פונעם קאפּיטאליזמ צומ סאָציאַליזמ און די דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאט

## 1. דער איבערגאנג-פּעריאָד און די דעראָבערונג פונ דער מאכט דורכנ פּראָלעטאריאט

צווישנ דער קאפּיטאליסטישער און דער קאָמוניסטישער געזעלשאפט ליגט א פּעריאָד פונ רעוואָליוציאָנערנ איבערמאכנ איינס אינ דאָס צווייטע. אימ אנטשפּרעכט אויכ דער פּאָליטישער איבערגאנג־פּעריאָד, אינ וועלכנ די מעלוכע קאָנ קיינ אנדערע ניט זײַנ, סײַדנ *די רעוואָליוציאָנערע דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאט*. דער איבערגאנג פונ דער וועלט־דיקטאטור פונעם אימפּעריאַליזם צו דער וועלט־דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאט כאפּט ארומ א לאנגנ פּעריאָד קאמפּ פונעם פּראָלעטאריאט, זײַנע דורכפאלנ און זיגנ; א פּעריאָד פונ דויערנדיקנ אלגעמיינעם קריזיס פונ די קאפּיטאליסטישע פארהעלטענישנ און אָנוווקס פונ די סאָציאַליסטישע רעוואָליוציעס, דאָס

הייסט, בירגער־קריג פונעמ פראָלעטאריאט קעגנ דער בורזשואזיע; א פעריאָד פונ נאציאָנאלע מילכאָמעס אונ קאָלאָניאלע אופשטאנדנ, וואָס אליינ פאר זיכ זיינענ זיי ניט קיינ סאָציאליסטישע באוועגונגענ פונעמ רעוואָליוציאָנערנ פראָלעטאריאט, אָבער אָביעקטיוו ווערנ זיי א באשטאנד־טייל פונ דער פראָלעטארישער וועלט־רעוואָליוציע, אפ וויפל זיי רייסנ ארונטער די הערשאפט פונעמ אימפעריאליזמ; א פעריאָד, וועלכער שליסט איינ די גלייכצייטיקע עקזיסטענצ, איינע לעבנ דער אנדערער, פונ דער קאפיטאליסטישער אונ סאָציאליסטישער געזעלשאפטלעכ־עקנאָמישע סיסטעמענ אינעווייניק אינ דער וועלט־ווירטשאפט זייערע „פרידלעכע" באציונגענ אונ זייער באוואָפנטנ קאמפ; א פעריאָד פונ אויסבילדונג פונ פארבאנד פונ סאָציאליסטישע סאָוועטישע מעלוכעס, א פעריאָד פונ מילכאָמעס מיצאד די אימפעריאליסטישע מעלוכעס קעגנ זיי, א פעריאָד פונ זייער אלצ ענגערער פארבינדונג מיט די קאָלאָניאלע פעלקער א. א. וו.

די ניט־גלייכמעסיקייט פונ דער עקאָנאָמישער אונ פאָליטישער אנטוויקלונג איז אנ אומבאדינגטער געזעצ פונעמ קאפיטאליזמ. דידאָזיקע ניט־גלייכמעסיקייט ווערט נאָכ מער פארשטארקט אונ פארשארפט אינ דער עפאָכע פונ אימפעריאליזמ. דערפונ איז געדרונגענ, אז די אינטערנאציאָנאלע פראָלעטארישע רעוואָליוציע קאָנ ניט באטראכט ווערנ, ווי אנ איינציקער אונ אומעטומיקער איינמאָליקער אקט. דערפונ איז געדרונגענ, אז עס איז מעגלעכ דער זיג פונעמ סאָציאליזמ פריער אינ איינִיקע אונ אפילע אינ איינ, באזונדער גענומענ, קאפיטאליסטיש לאנד. אָבער יעדער זיג

אזא פונעם פראָלעטאריאט פארברייטערט די באזע פונ דער וועלט־רעוואָליוציע, אונ דאָס הייסט, אז ער פארשארפט נאָכ מער דעם אלגעמיינעם קריזיס פונעם קאפיטאליזמ. די קאפיטאליסטישע סיסטעמ אינגאנצנ גענומענ קומט אזוי ארומ צו איר ענדגילטיקנ קראכ. די דיקטאטור פונעמ פינאנצקאפיטאל קומט אומ, אָפּטרעטנדיק איר אָרט דער דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט.

אויב די בורזשואזע רעוואָליוציעס האָבנ באדייט בלויז די פּאָליטישע באפרייונג פונ דער שוינ איינגעשטעלטער אונ עקאָנאָמיש־הערשנדיקער אָרדענונג פונ די פראָדוציר־באציִונגענ אונ האָבנ איבערגעגעבנ די מאכט פונ די הענט פונ איינ קלאס עקספּלואטאטערס אינ די הענט פונ א צווייטנ קלאס עקספּלואטאטערס, איז די פּראָלעטארישע רעוואָליוציע באדייט, אז דער פּראָלעטאריאט רייסט זיכ איבערגוואלט אריינ אינ דעמ געביט פונ פארמעגנ־פארהעלטענישנ פונ דער בורזשואזער געזעלשאפט, ער עקספּראָפּריִרט די עקספּלואטערישע קלאסנ, אונ די מאכט גייט אריבער צו א קלאס, וועלכער שטעלט פאר זיכ די אופגאבע ראדיקאל איבערצובויענ דעמ עקאָנאָמישנ פונדאמענט פונ דער געזעלשאפט אונ פארניכטנ יעטווידער עקספּלואטאציע פונ מענטש דורכ מענטש. פונדעסטוועגנ, אויב די בורזשואזע רעוואָליוציעס האָבנ בלויז אינ מעשעכ פונ יאָרהונדערטנ געמאכט א סאָפ צו דער פּאָליטישער הערשאפט פונ דער פעאָדאלער אריסטאָקראטיע אינ דער גאנצער וועלט אונ צעבראָכנ דידאָזיקע הערשאפט אינ א ריי באזונדערע רעוואָליוציעס, איז די צווישנפעלקערלעכע

פּראָלעטארישע רעוואָליוציע, כאָטש זי איז לאכלוטן ניט קיין איינמאָליקער אקט און כאפּט ארום א גאנצע עפּאָכע, ווען זי פונדעסטוועגן — אדאנק דער ענגערער פארבינדונג צווישן די לענדער — זיינען אימשטאנד צו לייזן איר אופגאבע אין א מער גיכערן טערמין. ערשט נאָכן פולן אלוועלטלעכן זיג פונעם פּראָלעטאריאט און נאָכן דער פארפעסטיקונג פון זיין אלוועלטלעכער מאכט וועט קומען א דויערנדיקע עפּאָכע פון פארשטארקטן בויען די סאָציאליסטישע וועלט־ווירטשאפט.

**די דעראָבערונג פון דער מאכט דורכן פּראָלעטאריאט** איז א פאָרהאנאָכע פארן ווּקס פון די סאָציאליסטישע ווירטשאפט־פאָרמען און פארן קולטורעלן ווּקס פונעם פּראָלעטאריאט, וועלכער מאכט איבער זיין אייגענע נאטור, וועלכע ווערט רייף צו זיין דער אָנפירער פון דער געזעלשאפט אין אלע לעבנס־געביטן, ציט אריין אין דעמדאָזיקן איבערארבעטונג־פּראָצעס די איבעריקע קלאסן און דערמיט גופע שאפט ער א באָדן אפּ ביי־צוקומען די קלאסן בכלל.

אינעם קאמף פאר דער דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאט און פאר דער שפּעטערדיקער איבעראנדערשונג פון דער געזעלשאפטלעכער אָרדענונג, ווערט קעגן דעם בלאָק פון די גוטבאזיצער און קאפּיטאליסטן אָרגאניזירט א פארבאנד **פון די ארבעטער און פויערים**, אונטער דער אידייִשער און פּאָליטישער העגעמאָניע פון די ארבעטער, א פארבאנד, וואָס ער איז די באזע פון דער דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאט.

דער איבערגאנג־פעריאָד אינגאנצנ גענומענ ווערט כאראקטעריזירט מיט אומראכמאָנעסדיקנ אונטערדריקנ דעמ ווידערשטאנד פונ די עקספלואטאטערס, מיט אָרגאניזירנ די סאָציאַליסטישע געזעלשאפט, מאסנהאפטנ איבערדערציִענ די מענטשנ אינעמ גייסט פונ סאָציאַליזמ, מיט בעהאדראָגעדיקנ בייקומענ די קלאסנ. בלויז אינעמ גאנג פונ אויספילנ די דאָזיקע גרויסע היסטאָרישע אופגאבנ הויבט אָנ די געזעלשאפט פונעמ איבערגאנג־פעריאָד פארוואנדלט צו ווערנ אינ א קאָמוניסטישער געזעלשאפט.

*די דיקטאטור פונעמ וועלט־פראָלעטאריאט* איז אזוי ארומ די נייטיקסטע און אנטשיידנדיקסטע פאָרהאנאָכע פארנ איבערגאנג פונ דער קאפיטאליסטישער וועלט־ווירטשאפט צו א סאָציאַליסטישער ווירטשאפט. דידאָזיקע דיקטאטור קאָנ רעאליזירט ווערנ בלויז אלס רעזולטאט פונעמ זיג פונעמ סאָציאַליזמ אינ באזונדערע לענדער אָדער גרופנ לענדער, ווענ די ניי־אויסגעבילדעטע פראָלעטארישע רעפובליקנ טרעטנ אריינ אינ א פעדעראטיווער פארבינדונג מיט די שוינ עקזיסטירנדיקע, ווענ די נעצ פונ דידאָזיקע פעדעראטיווע פאריייניקונגענ וואקסט, איינשליסנדיק אינ זיכ אויכ די קאָלאָניעס, וועלכע באפרייענ זיכ פונ אימפעריאַליסטישנ יאָכ; ווענ די פעדעראציע פונ אזעלכע רעפובליקנ ווערט סאָפקאָלסאָפ א *וועלט־פארבאנד פונ די סאָוועטישע סאָציאַליסטישע רעפובליקנ*, וועלכע פירט דורכ די פאריייניקונג פונ דער מענטשהייט אונטער דער העגעמאָניע פונעמ אינטערנאציאָנאלנ, מעלוכיש־אָרגאניזירטנ פראָלעטאריאט.

די דעראָבערונג פון דער מאכט דורכן פראָלעטאריאט איז ניט קיין פרידלעכע „דעראָבערונג" פון דער גרייטער בורזשואזער מעלוכע־מאשין, מיט דער הילף פון דערגרייכן א פארלאמענטישע מערהייט. די בורזשואזיע באנוצט אלע מיטלען פון גוואלט און טערא־ר אפ צו פארהיטן און פארפעסטיקן איר רויבעריש אייגנטום און איר פאָליטישע הערשאפט. די בורזשואזיע, פונקט ווי אין די פריִערדיקע צייטן דאָס פעאָדאלע אדלטום, קאָן ניט אָפטרעטן איר היסטאָרישן פלאץ פאר א נייעם קלאס אָן דעם סאמע פארצווייפלטן און סאמע פארביטערטן קאמף. דעריבער קאָן דער גוואלטאט פון דער בורזשואזיע צע־בראָכן ווערן בלויז דורכ הארבן גוואלטאט מיצאד דעם פראָלעטאריאט. די דעראָבערונג פון דער מאכט דורכן פראָ־לעטאריאט באדייט איבערגוואלט אראָפּווארפן די בורזשואזע מאכט, צעשטערן דעם קאפּיטאליסטישן מעלוכע־אפּאראט (די בורזשואזע ארמיי, די פּאָליציי, די ביוראָקראטישע היעראַרכיע, דעם געריכט, דעם פארלאמענט א. א. וו.) און פארביטן אים מיט נייע אָרגאנען פון דער פראָ־לעטארישער מאכט, וועלכע זיינען פריִער פאר אלץ א גע־צייג אפ צו אונטערדריקן די עקספּלואטאטערס.

## 2. די דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאט און די סאָוועטישע פאָרמ אירע

ווי עס האָט באוויזן די דערפארונג פון דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע אין 1917 יאָר און פון דער אונגארישער רעוואָליוציע, וואָס האָט אומענדלעך פארברייטערט די

דערפאַרונג פון דער פּאריזשער קאָמונע אין 1871 יאָר, איז די סאמע צוועקמעסיקע פאָרם פון דער פּראָלעטארישער מעלוכע־מאכט דער נײַער טיפּ מעלוכע, וועלכער אונטערשיידט זיך פּרינציפּיעל פון דער בורזשואזער מעלוכע ניט נאָר לויט זײַן קלאסנ־טאָך, נאָר אויך לויט זײַן אינערלעכער סטרוקטור, נעמלעך, דער טיפּ פון א סאָוועטישער מעלוכע. דאפקע דערדאָזיקער טיפּ, וועלכער וואקסט ארויס אומיטלבאר פון דער ברייטסטער מאסנ־באוועגונג פון די ארבעטנדיקע, זיכערט די מאקסימאלסטע אקטיווקײַט פון די מאסנ און, דאָס הייסט, אויך די מאקסימאלסטע גאראנטיע פארנ ענדגילטיקנ זיג.

די מעלוכע פון סאָוועטישנ טיפּ, וואָס זי איז די העכסטע פאָרם פון דעמאָקראטיע, נעמלעך, פון פּראָלעטארישער דעמאָקראטיע, שטייט שארפ קעגנ דער בורזשואזער דעמאָקראטיע, וועלכע שטעלט מיט זיך פאָר א פארמאסקירטע פאָרם פון בורזשואזער דיקטאטור. די סאָוועטישע מעלוכע פונעם פּראָלעטאריאט איז זײַן דיקטאטור, זײַנ קלאסעווע אליינהערשאפט. אינ קעגנזאצ צו דער בורזשואזער דעמאָקראטיע, אנערקענט זי אָפנ איר קלאסנ־כאראקטער, שטעלט אָפנ פאר זיך די אופגאבע צו דערשטיקנ די עקספּלואטאטערס אינ די אינטערעסנ פונ דער קאָלאָסאלסטער מערהײַט באפעלקערונג. זי נעמט אָפּ בא אירע קלאסנ־פײַנט די פּאָליטישע רעכט, און בא ספּעציפישע היסטאָרישגעשאפענע באדינגונגענ קענ זי געבנ א רײ צײַטווײַליקע פאָרצוגנ דעם פּראָלעטאריאט מיטנ צוועק צו פארפעסטיקנ זײַנ אָנפירנדיקע ראָל, אינ פארגלײַך מיטנ צעשטויבטנ

קליינבירגערלעכנ פויערטומ. אנטוואפענענדיק אונ דערשטיקנ־
דיק אירע קלאסנ־קעגנער, באטראכט די פראָלעטארישע
מעלוכע אינ דער ועלביקער צײַט דאָסדאָזיקע אָפנעמענ די
פאָליטישע רעכט אונ די געוויסע באגרענצונגענ פונ דער
פרײַהײַט, ווי צײַטווײַליקע מיטלענ פונ קאמפ קעגנ די
פרוווּנ פונ די עקספלואטאטערס צו פארטיידיקנ אָדער
צוריק אופצושטעלנ זייערע פריווילעגיעס. זי שרײַבט אָנ
אפ איר פאָנ, אז דער פראָלעטאריאט האלט אינ זײַנע
הענט די מאכט ניט אפ צו פארייביקנ זי, ניט ארויסגייענ־
דיק פונ זײַנע צעכישע אונ ענג־פראָפעסיאָנעלע אינטערעסנ,
נאָר קעדיי אלצ מער צו פארייניקנ די אָפגעשטאנענע אונ
צעשטויבטע מאסנ דאָרפישע פראָלעטאריער אונ האלב־
פראָלעטאריער, ווי אויכ די האָרעפאשנע פויערימ, מיט די
אמערסטנ פאָרגעשריטענע שיכטנ ארבעטער, בײַקומענדיק
בעהאזדראָגעדיק אונ סיסטעמאטיש די קלאסנ־צעטיילונג
ביכלאל. די סאָוועטנ, וועלכע זײַנענ אנ אלצ ארומכאפנדי־
קע פאָרמ פונ פארייניקנ אונ אָרגאניזירנ די מאסנ אונטער
דער אָנפירונג פונעמ פראָלעטאריאט, ציִענ פאקטיש ארײַנ
אינ קאמפ אונ אינ דער בויונג פונ סאָציאליזמ די בריי־
טסטע מאסנ פראָלעטאריער, פויערימ אונ אלע ארבעטנדיקע,
זיי ציִענ זיי ארײַנ אפ דער פראקטיק אינ דער ארבעט
פונ פארוואלטנ מיט דער מעלוכע, זיי שטיצנ זיכ אינ זייער
גאנצער ארבעט אפ די מאסנ־אָרגאניזאציעס פונעמ ארבע־
טער־קלאס, פארווירקלעכנ א ברייטע דעמאָקראטיע צווישנ
די ארבעטנדיקע גופע אונ זיי שטייענ צו די מאסנ אָנ אנ
ערעכ נעענטער, איידער יעטווידער אנדערע מאכט־פאָרמ.

דאָס רעכט איבערצוקלײַבנ דעלעגאטנ, דאָס רעכט אָפּצורופנ זיי, די פאריייניקונג פונ דער אויספירנדיקער אונ געזעצגעבערישער מאכט; די װאלנ ניט לויטנ טעריטאָריעלנ פּרינציפּ, נאָר לויטנ פּראָדוציר־פּרינציפּ (פונ פאבריקנ, װארשטאטנ א. א. װ.)—דאָס אלצ זיכערט דעם ארבעטער־קלאס אונ די ברייטע מאסנ ארבעטנדיקע, װעלכע גייענ אונטער זײַנ העגעמאָניע, א סיסטעמאטישנ, אָנופהערלעכנ אונ אקטיװנ אָנטייל אינ אלע געזעלשאפטלעכע איניאָנים—אינ די װירטשאפטלעכע, אלגעמיינ־פּאָליטישע, מיליטערישע אונ קולטורעלע—אונ דערמיט גופע פירנ זיי דורכ א שארפע גרענעצ צװישנ דער בורזשואז־פּארלאמענטארישער רעפּובליק אונ דער סאָװעטישער דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאט.

די בורזשואזע דעמאָקראטיע, מיט איר פאָרמעלער גלײַכהײַט פונ די בירגער פארנ געזעצ, שטיצט זיכ אפ א שרײַענדיקער מאטעריעל־װירטשאפטלעכער אומגלײַכהײַט צװישנ די קלאסנ. לאָזנדיק אינגאנצנ אומבארירט, פארטיידיקנדיק אונ פארפעסטיקנדיק די מאָנאָפּאָל פונעם קלאס קאפּיטאליסטנ אונ גרויסע ערדבאזיצער אפ די אנטשיידנדיקע פּראָדוציר־מיטלענ, פארװאנדלט די בורזשואזע דעמאָקראטיע דערמיט גופע פאר די עקספּלואטירטע קלאסנ, אונ אינ דער ערשטער ריי פארנ פּראָלעטאריאט, די פאָרמעלע גלײַכהײַט פארנ געזעצ, די דעמאָקראטישע רעכט אונ פרײַהײַטנ, װעלכע װערנ אינ דער פּראקטיק אונטערגעװאָרפנ סיסטעמאטישע באגרענצונגענ—אינ א יורידישער פיקציע, אונ, דאָס הייסט, אינ א מיטל אָפּצונארנ אונ פארשקלאפנ די מאסנ. אויסדריקנדיק די פּאָליטישע הערשאפט פונ

דער בורזשואזיע, איז דעריבער די אויסגערופענע דעמאָ-קראטיע, א דעמאָקראטיע א קאפיטאליסטישע. אָפנעמענדיק בא די עקספלואטאטארישע קלאסנ די פראָדוציר-מיטלענ אונ מאָנאָפאָליזירנדיק דידאָזיקע פראָדוציר-מיטלענ אינ די הענט פונעם פראָלעטאריאט, אלס הערשנדיקנ קלאס, גאראנטירט די סאָוועטישע מעלוכע פרײַער פאר אלצ די מאטעריעלע באדינגונגענ אפ צו פארווירקלעכנ די רעכט פונעם ארבעטער-קלאס אונ פונ די ארבעטנדיקע ביכלאל, באוואָרענענדיק, אז די הײַזער אונ געזעלשאפטלעכע געבײַדעס, די דרוקערײַענ, די באוועגונג-מיטלענ א. א. וו. זאָלנ געהערנ צום ארבעטער-קלאס.

אינ געביט פונ אלגעמיינ-פאָליטישע רעכט נעמט אָפ די סאָוועטישע מעלוכע דידאָזיקע רעכט בא די פײַנט פונ פאָלק אונ בא די עקספלואטאטערס, פארניכטעט צום ערשטנ מאָל ביזנ סאָפ די אומגלײַכהײַט פונ די בירגער, וועלכע איז באגרינדעט בא די עקספלואטאטארישע סיסטעמענ אפנ אונטערשייד פונ געשלעכט, רעליגיע, נאציאָנאליטעט. זי פירט אײַנ אינ דעמדאָזיקנ געביט אזא גלײַכהײַט, וואָס איז ניט דורכגעפירט אינ קיינ איינ בורזשואזלאנד; אינ דערזעלביקער צײַט פירט אונטער די פראָלעטארישע דיקטאטור אויכ דאָ קעסיידער א מאטעריעלע באזע, וועלכע גיט די מעגלעכקײַט צו רעאליזירנ דידאָזיקע גלײַכהײַט; אזעלכע זײַנענ די מאָסמיטלענ, וועלכע אנטשקלאפנ די פרוי, העלפנ מיט צו אינדוסטריאליזירנ די געוועזענע קאָלאָניעס א. א. וו.

די סאָוועטישע דעמאָקראטיע איז אזוי

ארומ א דעמאָקראטיע א פראָלעטארישע, א דעמאָקראטיע פונ די ארבעטנדיקע מאסנ, א דעמאָקראטיע קעגנ די עקספּלואטאַ־טערס.

די סאָוועטישע מעלוכע פירט דורכ די פולשטענדיקע אנטוואָפענונג פונ דער בורזשואזיע אונ די קאָנצענטראציע פונעמ געווער אינ די הענט פונעמ פראָלעטאריאט; זי איז די מעלוכע פונעמ באוואָפנטנ פראָלעטאריאט. די אָרגאניזאציע פונ די באוואָפנטע קויכעס ווערט דאָ געבויט אפנ גרונט פונעמ קלאסנ־פרינציפ, וועלכער אנטשפרעכט דער גאנצער אָרדענונג פונ דער פראָלעטארישער דיקטאַ־טור אונ זיכערט די אָנפירנדיקע ראָל פונעמ אינדוסטריעלנ פראָלעטאריאט. שטיצנדיק זיכ אפ דער רעוואָליוציאָנערער דיסציפלינ, זיכערט דידאָזיקע אָרגאניזאציע אינ דערזעל־ביקער צייט א שטענדיקע אונ ערנסטע פארבינדונג פונ די קעמפער פונ דער רויטער ארמיי אונ פונעמ פלאָט מיט די ארבעטנדיקע מאסנ, זייער אָנטייל אינעמ פארוואלטנ מיטנ לאנד אונ אינ דער בויונג פונעמ סאָציאליזמ.

## 3. די דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט אונ די עקספּראָפּריאטערס

דער זיגרייכער פראָלעטאריאט באנוצט זיכ מיט דער דעראָבערטער מאכט, ווי מיט א הייבער פונ דער עקאָנאָמישער איבערקערעניש, דאָס הייסט, פונעמ רעוואָליוציאָנערנ איבעראנדערשנ די פארמע־

גונג־פארהעלטענישן פונעם קאפיטאליזם אין באצוג צום סאָציאליסטישן פּראָדוציר־אופן. דער אויסגאנג־פונקט פאר דערדאָזיקער גרעסטער עקאָנאָמישער רעוואָליוציע איז די עקספּראָפּריִרונג פון די גוטבאזיצער און קאפּיטאליסטן, דאָס הייסט, דאָס פארוואנדלען דאָס מאָנאָפּאָליסטישע אייגנטום פון דער בורזשואזיע אין אן אייגנטום פון דער פּראָלעטארישער מעלוכע.

אין דעם געביט שטעלט דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאל פאָלגנדיקע הויפּט־אויפגאבן פאר דער פּראָלעטארישער דיקטאטור.

### א. אינדוסטריע, טראנספּאָרט, פארבינדונג־דינסט

א) קאָנפיסקירן און דורכפירן די פּראָלעטארישע נאַציאָנאליזאציע פון אלע גרויסע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען (פאבריקן, זאוואָדן, גרובנס, עלעקטרישע סטאנציעס), וועלכע געפינען זיך אין די הענט פונעם פּריוואטן קאפּיטאל, און איבערגעבן אין די הענט פון די סאָוועטן אלע מעלוכישע און קאָמונאלע אונטערנעמונגען.

ב) קאָנפיסקירן און דורכפירן די פּראָלעטארישע נאַציאָנאליזאציע פונעם פּריוואט־קאפּיטאליסטישן אייזנבאן־, אווטאָמאָביל־און וואסער־טראנספּאָרט, ווי אויך פון די מיטלען פון לופט־טראנספּאָרט (דעם האנדל־לופט־פלאָט און דעם פּאסאזשירן־לופט־פלאָט), און איבערגעבן אין די הענט פון די סאָוועטן דאָס מעלוכישע און קאָמונאלע אייגנטום אף אלערליי טראנספּאָרט־מיטלען.

ג) קאָנפיסקירנ און דורכפירנ די פּראָלעטארישע נאציאָ־נאליזאציע פונ די פּריוואט־קאפּיטאליסטישע פארבינדונג־מיטלענ (טעלעגראפ, טעלעפאָנ, ראדיאָ), און איבערגעבנ אינ די הענט פונ די סאָוועטנ די מעלוכישע, מוניציפּאלע א. א. וו. פארבינדונג־דינסט.

ד) אָרגאניזירנ די ארבעטער־פארוואלטונג מיט דער אינ־דוסטריע. באשאפנ מעלוכישע פארוואלטונג־אָרגאנענ בײַ דעמ נאָענטסטנ אָנטייל פונ די פּראָפעסיאָנעלע פארייִנענ אינ דערדאָזיקער פארוואלטונג. זיכערנ די געהעריקע ראָל פונ די פאבריק־זאוואָדישע קאָמיטעטנ.

ה) אריבערפירנ די ארבעט פונ דער אינדוסטריע אפ צו באדינענ די באדערפענישנ פונ די ברייטע מאסנ ארבעטנ־דיקע. רעאָרגאניזירנ די אינדוסטריע־געביטנ, וועלכע פלעגנ באפרידיקנ דעמ געברויכערישנ נאָכפרעג פונ די הערשנ־דיקע קלאסנ (לוקסוס־זאכנ א. ד. גל.). פארשטארקנ די אינ־דוסטריע־געביטנ, וועלכע העלפנ מיט דעמ אופשטײַג פונ דער לאנדווירטשאפט, קעדיי צו פארפעסטיקנ דעמ צוזאַ־מענשלוס מיט דער פויערישער ווירטשאפט, זיכערנ דעמ אופשטײַג פונ די מעלוכישע עקאָנאָמיעס און פארגיכערנ דעמ אנטוויקלונג־טעמפּ פונ דער גאנצער פאָלקווירטשאפט ביכלאל.

ב. לאנדווירטשאפט

א) קאָנפיסקירנ און דורכפירנ די פּראָלעטארישע נאציאָ־נאליזאציע פונ דעמ גאנצנ גרויסנ ערד־אייגנטומ אינ שטאָט און אינ דאָרפ (סײַ פּריוואטנ, סײַ דעמ, וואָס געהערט צו

דער קירכע און מאָנאַסטירן א. א. וו.), און איבערגעבן
אין די הענט פון די סאָוועטן דאָס מעלוכישע און מוני־
ציפאַלע ערד־אייגנטום, דערונטער דעם וואלד־פאָנד, די
ערד־אויצרעס, די וואסערן א. א. וו., נאציאָנאליזירנדיק דער־
נאָך די גאַנצע ערד.

ב) קאָנפיסקירן דעם גאַנצן פראָדוציר־פארמעגן פון די
גרויסע ערד־באַזיצן, דאָס הייסט: די געבײַדעס, מאַשינ־
אויסשטאַטונג און דעם איבעריקן אינווענטאר, דאָס פי, די
אונטערנעמונגען אפ צו באַארבעטן די לאַנדווירטשאַפטלעכע
פראָדוקציע (גרויסע מילן, קעז־קאָכערײַען, מילך־אונטער־
נעמונגען, טריקן־שפײַכלערס א. א. וו.).

ג) איבערגעבן די גרויסע מאַיאָנטקעס, באַזונדערס די,
וואָס האָבן א ווירטשאַפטלעכע מוסטער־באַדײַטונג אָדער
א גרויסן עקאָנאָמישן ספּעציפישן געוויכט, אין דער פאַר־
וואלטונג פון די אָרגאַנען פון דער פראָלעטארישער
דיקטאַטור און אָרגאַניזירן סאָוועטישע ווירטשאַפטן.

ד) איבערגעבן א טייל פון די געוועזענע פריצישע און
אנדערע קאָנפיסקירטע ערדן אין באַנוץ דעם פויערטום
(זײַנע אָרעמע און טיילווײַז די מיטעלע שיכטן), באַזונדערס
דאָרטן, וווּ די דאָזיקע ערדן האָבן די פויערים פריער באַ־
ארבעט אפ ארענדע־יעסוידעס און וווּ זיי האָבן געדינט
אלס מיטל עקאָנאָמיש צו פארשקלאַפן דאָס פויערטום. דער
דאָזיקער טייל ערדן, וואָס ווערט איבערגעגעבן דעם פויערטום,
ווערט באַשטימט לויט דער ווירטשאַפטלעכער צוועק־
מעסיקײַט, סײַ דורך דער נייטיקײַט צו נייטראַליזירן דאָס
פויערטום און אים צו געווינען אפ דער זײַט פונעם פראָ־

לעטאריאט; דערדאָזיקער כײַלעק מוז אומפארמײַדלעכ זײַנ
א פארשיידענער, אָפהענגיק פונ פארשיידענע באדינגונגענ.

ה) קעדײַ צו פארהיטנ די ערד פארנ פויערטומ אונ קעדײַ צו באקעמפנ, אז דידאָזיקע ערד זאָל ניט אריבער־גײנ אינ די הענט פונ די קאפיטאליסטנ, צונויפקויפערס א. א. וו. — פארבאָטנ יעדער מינ קויפנ אונ פארקויפנ ערד. אנטשיידנ קעמפנ מיט די, וואָס ברעכנ דעמדאָזיקנ געזעצ.

ז) קעמפנ קעגנ וווכערײַ. פארניכטנ די פארשקלאפנדיקע אָפמאכנ. אנולירנ די כויוועס פונ די עקספלואטירטע שיכטנ פויערטומ. באפרײַענ פונ שטײַערנ די אָרעמסטע פויערימ א. א. וו.

ז) דורכפירנ ברײטע מעלוכישע מאָסמיטלענ אפ צו העכערנ די פראָדוציר־קויכעס פונ דער לאנדווירטשאפט; אנטוויקלענ די דאָרפישע עלעקטריפיקאציע, טראקטער־בויונג, פראָדוקציע פונ כעמישע באמיסטיקונגענ, די פראָ־דוקציע פונ רײַנסאָרטיקע זריִע אונ פונ ראסעווע פי אינ די סאָוועטישע גיטער, ברײט אוועקשטעלנ דעמ מעליִאָרא־טיונ לאנדווירטשאפטלעכנ קרעדיט א. א. וו.

ט) שטיצנ אונ פינאנסירנ די דאָרפישע קאָאָפעראציע אונ אלע פאָרמענ פונ קאָלעקטיווער פראָדוקציע אינ דאָרפ (געזעלשאפטנ, קאָמונעס א. א. וו.). פירנ א סיסטעמאטישע פראָפאגאנדע פאר דער קאָאָפעראטיווער פארײניקונג פונעמ פויערטומ (קאָאָפעראציע אינעמ געביט פונ אָרגאניזירנ דעמ אָפזאצ, באזאָרגונג, קרעדיט) אפנ גרונט פונ דער מאסנ־זעלבסטעטיקײַט פונעמ פויערטומ אונ פירנ א פראָפאגאנדע

פאר איבערגיין צו גרויסע פאָרמען פון דער לאנדווירטשאפטלעכער פּראָדוקציע, וואָס אדאנק די אומבאשטרייטבארע טעכנישע און עקאָנאָמישע מיילעס פון דער גרויסער ווירטשאפט פארלייכטערט עס פאר די ברייטסטע מאסן ארבעטנדיקע פויערים אי צו באקומען די גרעסטע אומיטלבארע עקאָנאָמישע נוצן, אי דעם סאמע צוטריטלעכן אופן פון איבערגאנג צום סאָציאליזם;

## ג. האנדל און קרעדיט

א) דורכפירן די פּראָלעטארישע נאציאָנאליזאציע פון די פּריוואטע בענק (איבערגעבנדיק אין די הענט פון דער מעלוכע דעם גאנצן גאָלד־רעזערוו, די ווערט־פּאפּירן, איינלאגן א.א.וו.), און איבערגעבן אין די הענט פון דער פּראָלעטארישער מעלוכע די מעלוכישע, מוניציפּאלע און אז. וו. בענק.

ב) צענטראליזירן דעם גאנצן באנק־איניען, אונטעראָרדענען אלע נאציאָנאליזירטע גרויסע בענק אונטער איין צענטראלער מעלוכע־באנק.

ג) נאציאָנאליזירן און איבערגעבן אין די הענט פון דער סאָוועטישער מעלוכע דעם הורט־האנדל און די גרויסע האנדל־אונטערנעמונגען פון איינצל־פּארקויף (סכוירע־לאגערן, עלעוואטערס, מאגאזינען, סכוירע־רעזערוון א. א. וו).

ד) מיט אלע מיטלען סטימולירן די געברויכערישע קאָאָפּעראציע, אלס וויכטיקסטן באשטאנד־טייל פון פארטיילונג־אפּאראט, אפן גרונט פון איינהייט אין דער סיסטעם פון איר ארבעט און זיכערנדיק דעם זעלבסטעטיקן אָנטייל פון די מאסן אין דער בווינג אירער.

ה) דער מאָנאָפּאָל פֿונעם אויסערלעכן האַנדל.

ו) אנולירן (אָפּשאפֿן) די מעלוכישע כויוועס צו די אויס־לענדישע און אינלענדישע קאַפּיטאַליסטן.

## ד. ארבעט־שוץ, שטייגער און א. וו.

א) פֿארקירצן דעם ארבעט־טאָג ביז 7 שאָ און ביז 6 שאָ אין די צווייגן, וואָס זיינען באַזונדערס שעדלעך פֿארן געזונט פֿון די ארבעטנדיקע, ווייטער פֿארקירצן דעם ארבעט־טאָג און איבערגיין צו א 5־טאָגיקער ארבעט־וואָך אין לענדער מיט אנטוויקלטע פּראָדוציר־קויכעס. רעגולירן דעם ארבעט־טאָג, אָפּהענגיק פֿונעם וווּקס פֿון דער ארבעט־פּראָדוקטיווקייט.

ב) פֿארבאָטן אלס קלאל באנאכטיקע ארבעט און ארבעט אין באַזונדערס שעדלעכע צווייגן פֿאר אלע פֿערזאָנען פֿון ווייבלעכן געשלעכט. פֿארבאָטן קינדער־ארבעט. פֿארבאָטן איבערשאָען־ארבעט.

ג) באַזונדערס פֿארקירצן דעם ארבעט־טאָג פֿאר דער יוגנט (א מאקסימאלער 6־שאָעדיקער ארבעט־טאָג פֿאר יוגנטלעכע ביז 18 יאָר). סאָציאליסטיש רעאָרגאניזירן די ארבעט פֿון דער יוגנט, קאָאָרדינירנדיק די מאטעריעלע פּראָדוקציע מיט דער אלגעמיינער און פּאָליטישער בילדונג.

ד) איינפֿירן סאָציאלע סטראַכירונג פֿון אלע מינים (אינוואלידישקייט, אלטקייט, אומגליקס־צופאלן, ארבעטלאָזיקייט א. א. וו.), אפּן גרויט פֿון דער פֿולער זעלבסטפֿארוואלטונג פֿון די פֿארסטראַכירטע, אָפּן כעזשבן פֿון דער מעלוכע (און

אפן כּעזשבן פון די אונטערנעמער, אפּ וויפל עס זיינען נאָך פאַרבליבן פּריוואַטע אונטערנעמונגען).

ה) דורכפירן ברייטע סאַניטאַרע מאָסמיטלען, אָרגאַניזירן אומזיסטע מעדיצינישע הילף. פירן א קאַמף מיט די סאָציאַלע קראַנקייטן (אַלקאָהאָליזם, ווענערישע קראַנקייטן, טובערקולאָז).

ו) סאָציאַל פאַרגלייכן די פרוי מיטן מאַנסביל פאַרן געזעץ און אינעם שטייגער, ראַדיקאַל איבערבויען דאָס הייראַט־און פאַמיליען־רעכט, אנערקענען די מוטערשאַפט פאַר א סאָציאַלער פונקציע, איינפירן שוץ פון מוטערשאַפט און קינדשאַפט. אָנהייבן פאַרווירקלעכן, אַז די געזעלשאַפט זאָל זיך פאַרנעמען מיט די קינדער און מיט דער יוגנט און דערציען (אין קינדער־יאַסלעס, גערטענער, היימען א. א. וו.). באַשאַפן אַנשטאַלטן אַפּ צו פאַנאַנדערלאָדן ביסלעכווייז די הויז־ווירטשאַפט (געזעלשאַפטלעכע קיכן און וועשערייען), פירן א פּלאַנמעסיקן קולטור־קאַמף מיט דער אידעאָלאָגיע און מיט די טראַדיציעס, וועלכע פאַרשקלאַפן די פרוי.

## ה. דער וווינונג־פאָנד

א) קאָנפיסקירן דעם גרויסן הייזער־באַזיץ.

ב) איבערגעבן די קאָנפיסקירטע הייזער אין דער פאַרוואַלטונג פון די אָרטיקע סאָוועטן.

ג) באַזעצן אַרבעטער אין די בורזשואַזע קוואַרטאַלן.

ד) איבערגעבן די פּאַלאַצן, די גרויסע פּריוואַטע און

געזעלשאפטלעכע געביידעס אין רעשוס פון די ארבעטער־
אָרגאניזאציעס.

ה) דורכפירן א ברייטע פּראָגראם פון וווינונג־בויונג.

ו. די נאציאָנאלע און קאָלאָניאלע פראגן

א) אַנערקענען דאָס רעכט פון אלע נאציעס, אומאָפּהענ־
גיק פון זייער ראסן־אָנגעהעריקייט, אפ פולער זעלבסט־
באשטימונג, ד. ה. אפ זעלבסט־באשטימונג ביז צום פולן
מעלוכישן אָפּטיילן זיך.

ב) שאפן א פרייוויליקע פאראייניקונג און צענטראליזי־
רונג פון די מיליטערישע און עקאָנאָמישע קויכעס פון אלע
פעלקער, וואָס האָבן זיך באפרייט פונעם קאפיטאליזם, אפ
צו קעמפן קעגן דעם אימפעריאליזם און בויען די סאָציאַ־
ליסטישעווירטשאפט.

ג) מיט אלע מעגלעכקייטן און אנטשיידן פירן א קאמף
קעגן אלערליי באגרענצונגען און באשרענקונגען, וואָס
זיינען געווענדעט קעגן א וועלכער עס איז פעלקערשאפט,
נאציע אָדער ראסע. דורכפירן די פולע גלייכבארעכטיקונג
פון אלע נאציעס און ראסעס.

ד) זיכערן און שטיצן מיט אלע קויכעס פון דער סאָוועט־
טישער מעלוכע די נאציאָנאלע קולטורן פון די נאציעס,
וועלכע האָבן זיך באפרייט פונעם קאפיטאליזם, דורכפירנ־
דיק אן אויסגעהאלטענע פראָלעטארישע ליניע אין דער
זאך פון אנטוויקלען דעם אינהאלט פון דידאָזיקע קולטורן.

ה) מיט אלע מעגלעכקייטן מיטהעלפן דעם ווירטשאפט־
לעכן, פּאָליטישן און קולטורעלן וווקס פון די פריער אונ־

טעראָריסטישע „גענגסטערס“, „ראַנד־גענגסטערס“ און „קאָלאָניעס“ אין דער ריכטונג פון סאָציאַליסטישן איבערבויען זיי, מיטן ציל צו באַשאַפן אַ פעסטע באַזע פאַר דער ווירקלעכער און פולער נאַציאָנאַלער גלייכהייט.

ו) פירן אַ קאַמף קעגן אַלע רעשטלעך פון שאָוויניזם, נאַציאָנאַלן האַס, ראַסן־פאָרורטיילן און אַנדערע אידעאָלאָגישע פּראָדוקטן פון דער פעאָדאַלער און קאַפּיטאַליסטישער באַרבאַרישקייט.

**ז. די מיטלען פון אידעאָלאָגישער ווירקונג**

א) נאַציאָנאַליזירן די דרוקערייען.

ב) מאָנאָפּאָליזירן דעם צייטונג־און פאַרלאַג־וועזן.

ג) נאַציאָנאַליזירן די גרויסע קינעמאַטאָגראַפישע אונטערנעמונגען, די טעאַטערס א. א. וו.

ד) אויסנוצן די נאַציאָנאַליזירטע מיטלען פון „גייסטיקער פּראָדוקציע“ פאַר ברייטסטער פּאָליטישער און אַלגעמיינער אויפקלערונג פון די אַרבעטנדיקע און פאַר דער בויונג פון אַ נייער סאָציאַליסטישער קולטור אויף אַ פּראָלעטאַרישער קלאַסן־באַזע.

## 4. די יסודות פון דער עקאָנאָמישער פּאָליטיק פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור

באַם דורכפירן די אַלע אויפגאַבן פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור מוז מען האָבן אין אויג פאָלגנדיקע הויפּט־[?] האַנאָכעס:

1) די פולשטענדיקע אָפּשאַפונג פונעם פּריוואַט־אייגנטום אויף ערד און די נאַציאָנאַליזירונג פון דער גאַנצער ערד קאָנען ניט אײַנגעפירט ווערן טייקעף אין די סאַמע אַנטוויקלטע קאַפּיטאַליסטישע לענדער, ווו דער פּרינציפּ פון פּריוואַט־אייגנטום האָט באַוויזן טיף אײַנצוואָרצלען זיך צווישן די ברייטסטע שיכטן פונעם פּויערטום. אין אַזעלכע לענדער קאָן מען די נאַציאָנאַליזירונג פון דער גאַנצער ערד דורכפירן בלויז בעהאַדראַגע, דורך אַ גאַנצער ריי איבערגאַנג־מאָסמיטלען.

2) די נאַציאָנאַליזירונג פון דער פּראָדוקציע דאַרף ניט, לויטן קלאַל, פאַרשפּרייט ווערן אויף די קליינע און מיטעלע ווירטשאַפטן (פון פּויערים, באַלמעלאָכעס, קוסטאַרן, קליינע און מיטעלע הענדלער, קליינע אינדוסטריעלער א.א.וו.):

ערשטנס, דערפאַר, ווײַל דער פּראָלעטאַריאַט קאָן ניט דורכפירן אַ שטרענגן אונטערשייד צווישן דעם האָרעפּאַשנעם אייגנטום פון אַ פּאַשעטן סכוירע־פּראָדוצירער, וועלכן מע קאָן און מע דאַרף ביסלעכווײַז אַרײַנציִען אין דעם שטראָם פון סאָציאַליסטישער בויונג, און דעם עקספּלואַטאַטאָרישן אייגנטום פון אַ קאַפּיטאַליסט, וואָס ליקווידירן עס איז אַן אומבאַדינגטע פאָרהאַנאָכע פאַר דער סאָציאַליסטישער בויונג;

צווייטנס, דערפאַר, ווײַל דעם פּראָלעטאַריאַט, וועלכער האָט גענומען די מאַכט, קאָן ניט קלעקן באַזונדערס אין די ערשטע פּאַזעס פון דער דיקטאַטור קיין גענוגנדיקע צאָל אָרגאַניזיר־קויכעס, כדיי ניט נאָר צו צעשטערן דעם קאַפּיטאַליזם, נאָר אויך אומיטלבאַר צו אָרגאַניזירן די פאַר־

בינדונג פונ די קליינע אונ מיטעלע אינדיווידועלע פראָדו־
ציר־אייגנסנ אפ א נייער, סאָציאַליסטישער באַזע. דידאָזיקע
קליינע אינדיווידועלע ווירטשאַפטנ (פריער פאַר אַלצ, די
פויערישע ווירטשאַפטנ) וועלנ בלויז בעהאַדראָגעדיק, בא
א סיסטעמאַטישער מעכטיקער שטיצע פאַר אַלע זייערע
קאָלעקטיוויזירונג־פאָרמענ מיצאַד דער פראָלעטאַרישער מע־
לוכע, אַרייַנגעצויגנ ווערנ אינ דער אַלגעמיינער סאָציאַ־
ליסטישער אָרגאַניזאַציע פונ דער פראָדוקציע אונ פאַר־
טיילונג. יעטווידער איבערגוואַלטיקער ברעכנ די ווירט־
שאַפטלעכע סטרוקטור זייערע אונ דאָס איבערגעוואַלטיקע
קאָלעקטיוויזירנ זיי וואָלט בלויז געבראַכט צו נעגאַטיווע
רעזולטאַטנ.

3) די אָנוועזנהייט פונ א באַדייטנדיקער צאָל קליינע פראָ־
דוציר־אייגנסנ (אינ דער ערשטער ריי פויערישע ווירטשאַפטנ,
פערמערישע ווירטשאַפטנ, ווירטשאַפטנ פונ באַלמעלאָכעס,
קליינע הענדלער א.אַ.וו.) ניט נאָר אינ די קאָלאָניעס, האַלב־
קאָלאָניעס אונ עקאָנאָמיש אָפגעשטאַנענע לענדער, ווו די
קליינבירגערלעכע מאַסנ בילדנ א קאָלאָסאַלע מערהייט פונ
דער באַפעלקערונג, נאָר אויכ אינ די צענטרענ פונ דער
קאַפיטאַליסטישער וועלט־ווירטשאַפט (צאָפנ־אַמעריקאַנישע
פאַראייניקטע שטאַטנ, דייַטשלאַנד, ווי אויכ אינ א געוויסער
מאָס אינ ענגלאַנד), מאַכט פאַר נייטיק אינ דער אָדער
יענער מאָס איבערצולאָזנ — אפ די אָנפאַנגלעכע אַנטוויקלונג־
שטופנ — *די מאַרק־פאָרמענ פונ ווירטשאַפטלע־
כער פאַרבינדונג*, די געלט־סיסטעמ א.אַ.וו. די פאַר־
שיידנאַרטיקייט פונ די ווירטשאַפטלעכע סטרוקטורנ (פונ

דער סאָציאַליזירטער גרויסער אינדוסטריע ביז צו דער
ווירטשאפט פון א קליינעם פויער און באלמעלאָכע), וואָס
עס קאָן ניט ניט באגלייט ווערן מיט א קאמפ צווישן די־
דאָזיקע פארשיידענע ווירטשאפטלעכע פאָרמען; די אנט־
שפרעכיקע פאר די דאָזיקע ווירטשאפטלעכע פאָרמען
פארשיידנארטיקייט פון קלאסן און קלאסן־גרופּירונגען,
מיט פארשיידענע סטימולן פון ווירטשאפטלעכער טע־
טיקייט און קאמפ פון זייערע פארשיידענע ווירטשאפט־
לעכע אינטערעסן; צולעצט, דאָס, וואָס אין אלע געביטן
פון ווירטשאפטלעכן לעבן זיינען פאראן געוווינהייטן און
טראַדיציעס, וועלכע זיינען באקומען געוואָרן בעיערושע
פון דער בורזשואזער געזעלשאפט און קאָנען ניט ליקווי־
דירט ווערן מיטאמאָל — דאָס אלץ פאָדערט פון דער עקאָ־
נאָמישער אָנפירונג פונעם פּראָלעטאריאט, אז זי זאָל — אפּן
יעסאָד פון די מארק־פּאַרהעלטענישן — ריכטיק צונויפפאסן
די גרויסע מעלוכישע אינדוסטריע און די קליינע ווירט־
שאפט פון די פּאָשעטע סכוירע־פּראָדוצירער, ד.ה. אזוי צו־
נויפפאסן זיי, אז דאָס זאָל גאראנטירן די אָנפירנדיקע ראָל
פון דער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע און אין דערזעלבער
צייט דעם מאקסימאלן אופשטייג פון דער גאנצער גרונט־
מאסע פויערשע ווירטשאפטן. דעריבער איז, וואָס גרעסער
עס איז דער ספּעציפישער געוויכט פון דער צעברעקלטער
קליינפויערישער ארבעט אין דער אלגעמיינער עקאָנאָמיק
פונעם לאנד, אלץ גרעסער איז דער פארנעם פון די מארק־
פאַרהעלטענישן, וואָס קלענער עס איז די באדייטונג פון דער
אומיטלבארער פּלאנישער אָנפירונג, אלץ אין א גרעסערער

מאָס באַזירט זיך דער אַלגעמיין־ווירטשאַפטלעכער פּלאַן אַפן פּראָוויזאָרן די סטיכיייש זיך אויסבילדנדיקע ווירטשאַפט־לעכע פאַרהעלטענישן. פאַרקערט, וואָס קלענער עס איז דער ספּעציפישער געוויכט פון דער קליינער ווירטשאַפט, וואָס באַדייטנדיקער עס איז דער כיילעק פון פאַרגעזעלשאַפט־לעכטער אַרבעט, וואָס מעכטיקער עס זיינען די קאָנצענט־רירטע און סאָציאַליזירטע מאַסן פּראָדוציר־מיטלען, אַלץ קלענער איז דער פאַרנעם פון די מאַרק-פאַרהעלטענישן, אַלץ גרעסער איז די באַדייטונג פונעם פּלאַן אין פאַרגלייך מיט דער סטיכיע, אַלץ באַדייטנדיקער און אוניווער־סאַלער זיינען די מעטאָדן פון אומיטלבאַרער פּלאַנישער אָנפירונג סיי אין פּראָדוקציע־געביט, סיי אינעם פאַרטיילונג־געביט.

די טעכנישע און עקאָנאָמישע מיילעס פון דער גרויסער סאָציאַליזירטער פּראָדוקציע, די צענטראַליזירונג פון אַלע וויכטיקסטע עקאָנאָמישע קאָמאַנדיר־הויכן (די אינדוסטריע, טראַנספּאָרט, די גרויסע לאַנדווירטשאַפטן, די בענק א.א.וו.) אין די הענט פון דער פּראָלעטאַרישער מעלוכע, די פּלאַ־נישע אָנפירונג מיט דער ווירטשאַפט, די מעכטיקייט פונעם מעלוכישן אַפּאַראַט אינגאַנצן גענומען (דער ביודזשעט, שטייערן, אַדמיניסטראַטיווע געזעצגעבונג און די געזעצ־געבונג ביכלאַל) ברענגען, בײַ אַ ריכטיקער קלאַסן־פּאָלי־טיק מיצאַד דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור, ד. ה. בײַ אַ ריכטיקן דיסקאָנט פון די קלאַסן־פאַרהעלטענישן, צו אַ קעטיידערדיקן סיסטעמאַטישן אַרויסשטויסן די רעשטלעך פונעם פּריוואַטן קאַפּיטאַל, און אויך

די נײַע קאַפּיטאַליסטישע שפּראָצונגען סײַ אין שטאָט, סײַ אין דאָרף (דאָס גרויס־פּויערטום, דאָס באַלעגופנטום), וועלכע אנטשטייען צוזאמען מיט דער אנטוויקלונג פון דער ווירטשאפט פון די פּאָשעטע סכוירע־פּראָדוצירער אין די באַדינגונגען פון א מער אָדער ווייניקער פרײַען האנדל און מארק־פארהעלטענישן. פון דער צווייטער זײַט, קומט פאָר צוגלײַך מיט דעם דאָס סיסטעמאטישע ארײַנציִען די גרונט־מאסן פּויערשע ווירטשאפטן (ד. ה. די קליינע און מיטעלע ווירטשאפט) אין דער אלגעמיינער סיסטעם פון דעם זיך אנטוויקלענדיקן סאָציאַליזם, דורך קאָאָפּערירן דידאָזיקע ווירטשאפטן און דורכן וווּקס פון די קאָלעקטיווע ווירטשאפטלעכע פאָרמען. די פאָרמען און מעטאָדן פון ווירטשאפטלעכער טעטיקײַט, וועלכע זײַנען פארבונדן מיט די מארק־פארהעלטענישן און וואָס אויסערלעך זײַנען זיי קאַפּיטאַליסטישע (די פּרײַזן־רעכענונג, געלט־באַלוינונג, קויף און פארקויף, קרעדיט און בענק א. א. וו.) שפּילן די ראָל פון הייבערס פון דער סאָציאַליסטישער איבערקערעניש, אפּ וויפל דידאָזיקע הייבערס באַדינען אַלץ אין א גרעסערער מאָס די אונטערנעמונגען פון קאָנסעקווענט סאָציאַליסטישן טיפּ, ד. ה. דעם סאָציאַליסטישן סעקטער פון דער ווירטשאפט.

אזוי ארום טראָגן די מארק־פארהעלטענישן אין די באַדינגונגען פון פּראָלעטארישער דיקטאטור, בא א ריכטיקער פּאָליטיק מיצאד דער סאָוועטן־מעלוכע, אין זייער אנטוויקלונג זייער אייגענעם אימקום: מיטהעלפנדיק ארויסשטויסן דעם פּריוואַטן קאַפּיטאַל, איבערצומאכן די פּויערשע

ווירטשאפט, וויַיטער צו צענטראליזירנ און קאָנצענטרירנ די פּראָדוציר־מיטלענ אינ די הענט פונ דער פּראָלעטארישער מעלוכע, העלפנ זיי דערמיט גופע **בייַצוקומענ די מארק־פּארהעלטענישנ ביכלאל**.

אינ פאל פונ א ווארשייַנלעכער קריגס־אינטערווענצ מיצאד די קאפּיטאליסטנ און פונ א דויערנדיקער קאָנטער־רעוואָליוציאָנערער מילכאָמע קעגנ דער דיקטאטור פונ פּראָלעטאריאט, דארפ די ווירטשאפטלעכע אָנפירונג נעמענ פריער פונ אלצ אינ אכט די אינטערעסנ פונ באשיצנ די פּראָלעטארישע דיקטאטור; דערבייַ קאָנ אופקומענ די נייטיקייַט אינ א קריגס־קאָמוניסטישער ווירטשאפטלעכער פּאָליטיק („**קריגס־קאָמוניזמ**"), וואָס דאָס איז ניט עפּעס אנדערש ווי די אָרגאניזירונג פונעמ ראציאָנעלנ געברויכ, וועלכע דארפ דינענ דער מיליטערישער באשיצונג, בא דער סיסטעמ פונ א פארשטארקטנ דרוק אפ די קאפּיטאליסטישע גרופּנ (קאָנפיסקאציעס, רעקוויזיציעס א. א. וו.), בא א מער אָדער וויניקער פולער ליקווידאציע פונעמ פרייַענ האנדל און פונ די מארק־פּארהעלטענישנ, בא א שארפנ צעשטערנ די אינדיווידואליסטישע ווירטשאפטלעכע סטימולנ פונעמ קליינעמ פּראָדוצירער, וואָס דאָס איז פארבונדנ מיטנ פאלנ פונ די פּראָדוציר־קויכעס אינעמ לאנד. ארונטערייַסנדיק דעמ מאטעריעלנ באזיס בא די שיכטנ אינעווייניק אינ לאנד, וועלכע זייַנענ פייַנטלעכ דעמ ארבעטער־קלאס, זיכערנדיק די ראציאָנעלע פארטיילונג פונ די שוינ פאראנענע רעזערווּנ, מיטהעלפנדיק דעמ מילכאָמע־קאמפ פונ דער פּראָלעטארישער דיקטאטור און געפינענדיק דערינ איר

היסטאָרישע באגרינדונג, קאָן פונדעסטוועגן דידאָזיקע פּאָליטיק פון קריגס־קאָמוניזם ניט באטראכט ווערן, ווי א סיסטעם פון „נאָרמאלער״ ווירטשאפטלעכער פּאָליטיק פון דער פּראָלעטארישער דיקטאטור.

## 5. די דיקטאטור פון פּראָלעטאריאט און די קלאסן

די דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאט איז א *פאָרזעצונג פון זיין קלאסן־קאמף אין נייע באדינגונגען.* די דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאט איז אן אקשאָנעסדיקער קאמף, א בלוטיקער און אן אָנבלוטיקער, אן איבערגוואלטיקער און א פרידלעכער, א קריגס־קאמף און א ווירטשאפטלעכער קאמף, א פּעדאגאָגישער און אן אדמיניסטראטיווער, קעגן די קויכעס און טראדיציעס פון דער אלטער געזעלשאפט, קעגן די אויסערלעכע קאפּיטאליסטישע סאָנים, קעגן די רעשטלעך פון די עקספּלואטאטערישע קלאסן אינעווייניק אין לאנד, קעגן די שפּראָצונגען פון א נייער בורזשואזיע, וועלכע אנטשטייען אפן באָדן פון דער נאָך ניט בייגעקומענער סכוירע־פּראָדוקציע.

אין די באדינגונגען, ווען עס ווערט ליקווידירט דער בירגער־קריג, דויערט ווייטער דער אקשאָנעסדיקער קלאסן־קאמף אין נייע פאָרמען, פריִער פאר אלץ אין דער פאָרם פון א קאמף צווישן די רעשטלעך פון די אלטע ווירטשאפטלעכע סטרוקטורן און די נייע שפּראָצונגען זייערע, פון איין זייט, און די סאָציאַליסטישע ווירטשאפט־

פאָרמען—פון דער צווייטער. דערביי ענדערן זיך די קאמפ־פאָרמען אפ די פארשיידענע עטאפן פון דער סאָציאליסטישער אנטוויקלונג, און אפ די ערשטע סטאדיעס אירע קאָנ דערדאָזיקער קאמפ בא געוויסע באדינגונגען פארשארפט ווערן.

אינ דער אָנהייב־סטאדיע פון דער פראָלעטארישער דיקטאטור ווערט די פאָליטיק פונעם פראָלעטאריאט אינ באצוג צו די איבעריקע קלאסנ און געזעלשאפטלעכע שיכטנ אינעווייניק אינ לאנד באשטימט דורכ פאָלגנדיקע האנאָכעס:

1) **די גרויסבורזשואזיע און די גוטבאזיצער**, די טיילנ פונעם אָפיצערנ־קאָרפוס, וועלכע זיינענ זיי געטריי, דער גענעראליטעט און די העכערע ביוראָקראטיע זיינענ קאָנסעקווענטע סאָנימ פונעם ארבעטער־קלאס, מיט וועלכע מע מוז פירנ דעמ סאמע אָנראכמאָנעסדיקנ קאמפ. אויסנוצנ די אָרגאניזאטערישע קויכעס פונ א גע־ויסנ טייל זייערנ איז מעגלעכ, אָבער לויטנ קלאל, ערשט נאָכ דעמ, ווי די דיקטאטור פארפעסטיקט זיכ און ווי עס ווערנ אנטשיידנ אונטערדריקט אלע עקספלואטאטערישע פארשווערונגענ און אופשטאנדנ.

2) אינ באצוג צו דער **טעכנישער אינטעליגענצ**, וועלכע איז אויסגעוואקסנ אינ בורזשואזע טראדיציעס, און וואָס מיט אירע אויבערשיכטנ איז זי ענג צענויפגעוואקסנ געוואָרנ מיטנ קאָמאנדיר־אפּאַראט פונעם קאפיטאל, דארפ דער פראָלעטאריאט, אונטערדריקנדיק אפנ אנטשיידנסטנ אויפנ יעטווידער קאָנטר־רעוואָליוציאָנעע ארויסטרעטונג פונ די שיכטנ אינטעליגענצ, וועלכע זיינענ פיינטלעכ צו

אים, גלײַכצײַטיק מיט דעם דיסקאָנטירנ די נויטווענדיקײַט אויסצונוצנ דידאָזיקע קוואליפיצירטע געזעלשאפטלעכע קראפט אינעם געביט פונ דער סאָציאליסטישער בויונג אונ מיט אלע מעגלעכקײַטנ סטימולירנ די נייטראלע גרופנ אונ באזונדערס די, וועלכע זײַנענ פרײַנטלעכ צו דער ארבעטער־רעוואָליוציע. פאנאנדערוויקלענדיק די פערספעקטיוונ פונ דער סאָציאליסטישער בויונג, פונ דער ווירטשאפטלעכ־טעכנישער אונ קולטורעלער בויונג, אינ איר גאנצנ געזעלשאפטלעכנ מאסשטאב, דארפ דער פראָלעטאריאט סיסטעמאטיש געווינענ אפ זײַנ צאד די טעכנישע אינטעליגענצ, אונטערווארפנדיק זי אונטער זײַנ אידייִשער ווירקונג אונ זיכערנדיק פאר זיכ איר ענגע מיטארבעטערשאפט אינעם געביט פונ איבערבויענ די געזעלשאפט.

3) אינ באצוג צו דעם *פויערטומ* באשטייט די אופגאבע פונ די קאָמוניסטישע פארטייענ דערינ, אז אָנשפארנדיק זיכ אפנ לאנדווירטשאפטלעכנ פראָלעטאריאט, זאָלנ זיי צוציִענ אפ זייער זײַט אלע עקספלואטירטע אונ ארבעטנדיקע שיכטנ פונעם דאָרפ. שטרענג אונטערשיידנ צווישנ די פארשיידנארטיקע גרופירונגענ אינ דער פויערטומ־סוויווע אונ, דיסקאָנטירנדיק זייער ספעציפישנ געוויכט, דארפ דער זיגרײַכער פראָלעטאריאט אפ אלערליי אופאנימ שטיצנ די ניטפארמעגלעכע, האלב־פראָלעטארישע שיכטנ פונעם פויערטומ, אָפגעבנ זיי א טייל פריצישע ערד, פארלײַכטערנ פאר זיי דעם קאמפ מיטנ ווּכערישנ קאפיטאל א.א.וו. דער פראָלעטאריאט דארפ, ווײַטער, נייטראליזירנ די מיטעלע

שיכטנ פונעמ פויערטומ אונ אנ ראכמאנעס דערשטיקנ
דעמ קלענסטנ ווידערשטאנד מיצאד דער דארפישער בור־
זשואזיע, וועלכע בלאקירט זיכ מיט די גוטבאזיצער. אפ
וויפל עס גייט די פארפעסטיקונג פונ זיינ דיקטאטור אונ
די אנטוויקלונג פונ דער סאציאליסטישער בויונג,
דארפ דער פראלעטאריאט אריבערגיינ פונ דער נייטראלי־
זירונג־פאליטיק צו אנ ענגנ בונד מיט די מיטלפויערישע
מאסנ, ניט שטעלנדיק זיכ, דאכ, פונדעסטוועגנ, אפנ
שטאנדפונקט פונ א וועלכער עס איז מאכט־צעטיילונג. ווייל
די דיקטאטור פונעמ פראלעטאריאט דריקט אויס, פונ איינ
זייט, דעמ פאקט, אז בלויז די אינדוסטריעלע ארבעטער
זיינענ אימשטאנד אנצופירנ מיט דער גאנצער מאסע
ארבעטנדיקע; פונ דער צווייטער זייט, איז די דיקטאטור
פונעמ פראלעטאריאט, זייענדיק זיינ אליינהערשאפט, גלייכ־
צייטיק אויכ א ספעציפישע פארמ פונ א קלאסנ־פארבאנד
צווישנ דעמ פראלעטאריאט, אלס אוואנגארד פונ די
ארבעטנדיקע, מיט די פילצאליקע ניטפראלעטארישע שיכטנ
ארבעטנדיקע אדער מיט דער מערהייט זייערער, א פאר־
באנד קעגנ דעמ קאפיטאל, א פארבאנד, וועלכער האט דעמ
ציל אינגאנצנ אראפצווארפנ אימ, אינגאנצנ צו
דערשטיקנ דעמ ווידערשטאנד פונ דער בורזשואזיע אונ
די רעסטאווראציע־פרוונ פונ איר זייט, א פארבאנד מיטנ
ציל ענדגילטיק צו באשאפנ אונ פארפעסטיקנ דעמ סא־
ציאליזמ.

4) די קליינע שטאטישע בורזשואזיע, וועלכע
וואקלט זיכ שטענדיק פונ עקסטער שווארצמייעדיקייט ביז

צו סימפּאטיעס צומ פּראָלעטאריאט, דארפ אויכ נייטראליזירט ווערנ, אונ ווי ווײַט מעגלעכ געווונענ ווערנ אפנ צאד פונעמ פּראָלעטאריאט. דאָס קענ מענ דערגרייכנ דערמיט, וואָס מע וועט פארהיטנ פאר איר דאָס קליינע אייגנטומ, געבנ א געוויסע פרײַהײַט פונ ווירטשאפטלעכנ אומזאצ, פארניכטנ דעמ פארשקלאפנדיקנ וווכערישנ קרעדיט אונ דורכפירנ פארשיידענע מינימ הילפ מיצאד דעמ פּראָלעטאריאט אינעמ קאמפ קעגנ אלע אונ אלערליי פאָרמענ פונ קאפיטאליסטישנ יאָכ.

## 6. די מאסנ-אָרגאניזאציעס אינ דער סיסטעמ פונ דער פּראָלעטארישער דיקטאטור

באמ אויספילנ דידאָזיקע אלע אופגאבנ פונ דער פּראָלעטארישער דיקטאטור ענדערנ זיכ ראדיקאל *די אופגאבנ אונ די פונקציעס פונ די מאסנ־אָרגאניזאציעס*, אינ דער ערשטער ריי פונ די *ארבעטער־אָרגאניזאציעס*. די מאסעווע ארבעטער־אָרגאניזאציעס, אינ וועלכע די ברייטסטע שיכטנ פונעמ פּראָלעטאריאט ווערנ צומ ערשטנ מאָל אָרגאניזאציאָנעל צוזאמענבאהאָפטנ אונ דערצויגנ, די *פּראָפעסיאָנעלע* (*פּראָדוקציע*) - *פאריינענ*, זײַנענ באמ קאפיטאליזמ די גרונט־געצײַג פונ שטרײַקנ־קאמפ אונ דערנאָכ פונ מאסנ־קאמפ קעגנ דעמ טרעסטיפיצירטנ קאפיטאל אונ זײַנ מעלוכע. באַ דער פּראָלעטארישער דיקטאטור ווערנ זיי פארוואנדלט אינ דעמ וויכטיקסטנ הייבער אירנ, אינ אַזאַ שול פונ קאָמוניזמ, וועלכע ציט ארײַנ קאָלאָסאלע מאסנ

פונעם פראָלעטאריאט אין דער זאך פון סאָציאַליסטישן פארוואלטן מיט דער פּראָדוקציע, און אין אָרגאניזאציע, וועלכע איז אומיטלבאר פארבונדן מיט אלע טיילן פונעם מעלוכישן אפּאראט, וועלכע ווירקט אף אלע צווייַגן פון זייַן ארבעט, וועלכע שטייט אף דער וואך סייַ פון די דויערנדיקע, סייַ פון די טאָגטעגלעכע אינטערעסן פונעם ארבעטער־קלאס און פירט א קאמף קעגן די ביוראָקראטישע פארקריפּלונגען פון דער סאָוועטישער מעלוכע. די פּראָפּאַ־ריינען ווערן, אַזוי־ארום, פארוואנדלט אינעם גרונט־רוקנביין פון די ווירטשאפטלעכע און אלמעלוכישע אָרגאניזאציעס פונעם פּראָלעטאריאט, אף וויפל זיי טיילן אויס אף דער בויונג־ארבעט אָנפירנדיקע קאדרען, אף וויפל זיי ציִען אריַין אין דער דאָזיקער ארבעט די ברייטע שיכטן פונעם פּראָלעטאריאט און אף וויפל זיי שטעלן פאר זיך אלס ספּעציעלע אויפגאבע דעם קאמף מיט די ביוראָקראטישע פארקריפּלונגען, וועלכע וואקסן אומפארמייַדלעך אויס אפן באָדן פון די קלאסן־ווירקונגען, וואָס זייַנען פרעמד דעם פּראָלעטאריאט, און פון דער נאָך ניט גענוגנדיקער קולטור־רעלקייַט פון די מאסן.

*די קאָאָפּעראטיווע אָרגאניזאציעס פונעם ארבעטער־קלאס*, וועלכע זייַנען אין די קאפּיטאליסטישע באדינגונגען — טראָץ די רעפאָרמיסטישע אוטאָפּיעס — פּאַ־רוטיילט אף א פארהעלטנישמעסיק באשיידענער ראָלע, וועלכע דעגענערירן ניט זעלטן אדאנק די אלגעמיינע באַ־דינגונגען פון דער קאפּיטאליסטישער סיסטעם און צוליב דער רעפאָרמיסטישער פּאָליטיק פון זייערע פירער, וועלכע

ווערנ פאַרוואַנדלט אינ א מינ צוגאָב צו דער דאָזיקער קאפּיטאליסטישער סיסטעם, זיי קאָנענ אונ דארפנ בא דער פּראָלעטארישער דיקטאטור ווערנ די וויכטיקסטע באשטאנדטיילנ פונעם פארטיילערישנ אפּאראט.

צולעצט, די לאנדווירטשאפטלעכע קאָאָפּעראציע פונעם פויערטום (די אָפּזאצ-, אײַנקויפ-, קרעדיט-, פּראָדוציר-קאָאָפּעראציע) קאָנ אונ דארפ — באם באדינג פונ א געהעריקער אָנפירונג, באם באדינג פונ א סיסטעמאטישנ קאמפּ קעגנ די קאפּיטאליסטישע עלעמענטנ אונ פונ זיכערנ דעם ווירקלעכנ אָנטייל פונ די ווירקלעכ ברייטע מאסנ ארבעטנדיקע, וועלכע גייענ מיטנ פּראָלעטאריאט; — דארפ זי אונ קאָנ פארוואנדלט ווערנ אינ איינער פונ די גרונטלעכע אָרגאניזאציאָנעלע פאָרמענ, וואָס פארבינדנ די שטאָט מיטנ דאָרפ. די קאָאָפּעראטיווע פארייניקונגענ פונ די פויערישע ווירטשאפטנ, די פארייניקונגענ, וועלכע — אפ וויפל זיי פלעגנ זיכ ארויסווײַזנ פאר לעבנספייִקע — פלעגנ אינ די באדינגונגענ פונעם קאפּיטאל מערסטנטייל אומפארמײַדלעכ אלײנ פארוואנדלט ווערנ אינ קאפּיטאליסטישע אונטערנעמונגענ, ווײַל זיי זײַנענ אָפּהענגיק געוועזנ פונ דער קאפּיטאליסטישער אינדוסטריע, פונ די קאפּיטאליסטישע בענק, פונ דער קאפּיטאליסטישער ווירטשאפטלעכער סוויווע, ביכלאל אונ אָנגעפירט זײַנענ זיי געוואָרנ דורכ רעפאָרמיסטנ, דורכ דער דאָרפישער בורזשואזיע, אונ צומאָל אויכ דורכ פריצים, — אנטוויקלענ זיי זיכ אינ די באדינגונגענ פונ דער פּראָלעטארישער דיקטאטור, אינ א סיסטעם פונ אנדערע פארהעלטענישנ אונ זײַנענ אָפּהענגיק פונ דער

פראָלעטארישער אינדוסטריע, פונ די פראָלעטארישע בענק א. א. וו. בא א ריכטיקער פּאָליטיק פונעם פראָלעטאריאט, בא א סיסטעמאטישנ קלאסנ־קאמפ קעגנ די קאפּיטאליסטישע עלעמענטנ סײַ אויסער, סײַ אינ די קאָאָפּעראטיווע אָרגאניזאציעס, בא אנ אָנפירונג מיצאד דער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע — וועט די לאנדווירטשאפטלעכע קאָאָפּעראציע ווערנ אײנער פונ די וויכטיקסטע הייבערס אפ איבערצומאכנ סאָציאַליסטיש דאָס דאָרפ, אפ צו קאָלעקטיוויזירנ עס. דאָס אלצ שליסט ניט אויס אזא מעגלעכקײַט, אז אינ אײניקע לענדער וועלנ זיכ די ערשטע צײַט אינ די געברויכערישע, באזונדערס די לאנדווירטשאפטלעכע קאָאָפּעראטיווע פאראײניקונגענ, אונטער דער אָנפירונג פונ דער בורזשואזיע אונ פונ אירע סאָציאַל־דעמאָקראטישע אגענטנ, ארויסווײַזנ פאר א פעסטונג פונ קאָנטר־רעוואָליוציאָנערער טעטיקײַט אונ סאבאָטאזש קעגנ דער ווירטשאפטלעכער בויונג פונ דער ארבעטער־רעוואָליוציע.

אינ דער גאנצער קאמפ־אונ בויונג־ארבעט, וועלכע ווערט אויסגעפילט דורכ די פארשיידנסטע אָרגאניזאציעס פונעם פּראָלעטאריאט, וואָס דארפנ פאקטיש זײַנ די הייבער פונ דער סאָוועטישער מעלוכע, וועלכע פארבינדנ זי מיט די ברייטסטע מאסנ פונ אלע שיכטנ פונעם ארבעטער־קלאס, זיכערט דער פּראָלעטאריאט די אײנהײַט פונ ווילנ אונ טאט, פארווירקלעכנדיק די דאָזיקע אײנהײַט דורכ דער אָנפירנדיקער ראָלע פונ דער קאָמוניסטישער פארטיי אינ דער סיסטעם פונ דער פּראָלעטארישער דיקטאטור.

די פארטיי פונעמ פראָלעטאריאט שטיצט זיכ אומיטלבאר אפ די פראָפעסיאָנעלע פאריינענ אונ אפ א ריי אנדערע אָרגאניזאציעס, וועלכע כאפנ ארומ מאסנ ארבעטער, אונ דורכ זיי אויכ די פויערימ (די סאָוועטנ, די קאָאָפעראציע, דער קאָמיוג א. א. וו.), אָנפירנדיק מיט דער הילפ פונ די דאָזיקע הייבערס מיט דער גאנצער סאָוועטנ־סיסטעמ איינגאנצנ גענומענ. בלויז בא אומבאגרענעצטער שטיצע מיצאד אלע מאסנ־אָרגאניזאציעס דער סאָוועטנ־מאכט, בלויז בא דער פולשטענדיקער איינהייט פונעמ קלאסנ־ווילנ, בלויז בא דער אָנפירונג מיצאד דער פארטיי, וועט דער פראָלעטאריאט קענענ אויספילנ זיינ ראָל פונ אנ אָרגאניזאטער פונ דער נייער געזעלשאפט.

## 7. דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט אונ די קולטור־רעוואָליוציע

די דאָזיקע ראָל פונ אנ אָרגאניזאטער פונ דער נייער מענטשלעכער געזעלשאפט האָט אלס פאָרבאדינג דאָס קולטורעלע רייפווערנ פונעמ פראָלעטאריאט גופע, ער זאָל אליינ איבערמאכנ זיינ אייגענע נאטור, ער זאָל קעסיידער אויסטיילנ אלצ נייע אונ נייע קאדרענ, וועלכע זיינענ פייִק צו באהערשנ אלע מיטלענ פונ דער וויסנשאפט, טעכניק אונ פארוואלטונג, מיטנ צוועק צו בויענ דעמ סאָציאליזמ אונ די נייע סאָציאליסטישע קולטור.

אויב די בורזשואזע רעוואָליוציע קעגנ דעמ פעאָ־

דאליזם זעט פאָרויס, אז אינעם שויס פונ דער פעאָדאלער געזעלשאפט גופע איז פאראנ א נייער קלאס, וועלכער שטייט לויט זיינ קולטורעלער רייפקייט העכער פונעם הערשנדיקנ קלאס און איז שוינ אינ די ראמענ פונ דער פעאָדאלער געזעלשאפט דער העגעמאָנ פונעם עקאָנאָמישנ לעבנ, אנטוויקלט זיכ די פראָלעטארישע רעוואָליוציע אינ אנדערע באדינגונגענ. זייענדיק אינ דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט א קלאס, וועלכער ווערט עקאָנאָמיש עקספלואטירט, פאָליטיש אונטערדריקט און קולטורעל דערשטיקט, מאכט איבער דער ארבעטער־קלאס זיינ אייגענע נאטור ערשט אינ איבערגאנג־פעריאָד, ערשט נאָכדעם, ווי ער דעראָבערט די מעלוכישע מאכט, ערשט צעשטערנדיק די בורזשואזע מאָנאָפאָל אפ בילדונג און באהערשנדיק די גאנצע וויסנשאפט, ערשט אפ דער דערפארונג פונ דער גרעסטער בויונג־ארבעט. פארנ מאסעווג באשאפנ קאָמוניסטישנ באוווסטזיינ און פאר דער זאכ פונ סאָציאליזם גופע, איז נייטיק א מאסעווע ענדערונג פונ די מענטשנ, וועלכע איז מעגלעכ בלויז אינ דער פראקטישער באוועגונג, אינ דער רעוואָליוציע; הייסט עס, די רעוואָליוציע איז נייטיק ניט נאָר דערפאר, ווייל אפ קיינ שום אנדער אויפנ קאָנ מענ ניט אראָפווארפנ דעם הערשנדיקנ קלאס, נאָר אויכ דערפאר, ווייל דער אראָפווארפנדיקער קלאס קאָנ בלויז אינ דער רעוואָליוציע זיכ אָפרייניקנ פונעם גאנצנ שמוצ פונ דער אלטער געזעלשאפט און ווערנ פייִק צו באשאפנ א נייע געזעלשאפט.

פארניכטנדיק די מאָנאָפּאָל פונעם קלאס קאפּיטאליסטן
אפ די פּראָדוציר־מיטלען, דארפ דער ארבעטער־קלאס פאר־
ניכטן אויכ די בורזשואזע מאָנאָפּאָל אפ ביל־
דונג, ד. ה. באהערשן די גאנצע שול, ביז צו דער העכ־
סטער. א באזונדערס וויכטיקע אופגאבע פאר דער זאכ
פונעם פּראָלעטאריאט אינ צוגרייטנ ספּעציאליסטנ פונעם
ארבעטער־קלאס סיי אינעם פּראָדוציר־געביט (אינזשענערנ,
טעכניקער, ארגאניזאטערס א. א. וו.), סיי אינעם געביט
פונ דעם קריג־איניענ, וויסנשאפט, קונסט א. א. וו.
באגלייכ מיט דער דאָזיקער אופגאבע שטייט די
אופגאבע פונ אנ אלגעמיינעם קולטורעלנ
אופשטייג פונ די פּראָלעטארישע מאסנ, פונ
זייער פּאָליטישער אופקלערונג, פונ העכערנ דעם ניוואָ פונ
קענטענישנ אונ טעכנישער קוואליפיקאציע, פונ געוווינהייטנ צו
געזעלשאפטלעכער ארבעט אונ פארוואלטונג, פונעם קאמפ
מיט די רעשטנ פונ די בורזשואזע אונ קליינבירגערלעכע
פארורטיילנ א. א. וו.
בלויז אינ דער מאָס, ווי דער פּראָלעטאריאט טיילט
אויס זיינע אוואנגארד־שיכטנ אפ די דאָזיקע אלע „קאָמאנ־
דע־פּאָסטנס” פונ דער סאָציאליסטישער בויונג אונ קולטור,
בלויז אינ דער מאָס, אינ וועלכער די דאָזיקע שיכטנ וואקסנ
אלץ מער אונ מער אויס, ארייַנציִענדיק נייע אונ נייע
מיטגלידער פונעם קלאס אינ דעם פּראָצעס פונ דעם קולטור־
רעל־רעוואָליוציאָנערנ איבערמאכנ אונ ביסלעכווייז בייַקו־
מענדיק די צעטיילונג אינעווייניק אינעם קלאס גופע אפ „פאָר־
געשריטענע” אונ אָפּגעשטאנענע שיכטנ פונעם פּראָלעטאריאט,

ווערט גלײַכצײַטיק געשאפן אי א גאראנטיע פאר דער זיג־רײַכער סאָציאַליסטישער בויונג, אי א גאראנטיע קעגן דער ביוראָקראטישער פארפוילונג און קלאסן־איבערגעבורט.

אָבער אינעם פּראָצעס פון דער רעוואָליוציע מאכט דער פּראָלעטאריאט איבער ניט נאָר זײַן אייגענע נאטור, נאָר אויך די נאטור פון אנדערע קלאסן, אין דער ערשטער ריי, פון די פילצאָליקע קליינבירגערלעכע שיכטן פון שטאָט און דאָרף, באזונדערס פון די ארבעטנדיקע שיכטן פון פויערטום. באהעפטנדיק די ברייטסטע מאסן צו דער קולטור־רעוואָליוציע, ארײַנציִענדיק זיי אין דעם פּראָצעס פון סאָציאַליסטישער בויונג,—פאררייניקנדיק און קאָמוניסטיש אופקלערנדיק זיי מיט אלע מעטאָדן, וועלכע ער האָט אין זײַן רעשוס, פירנדיק אן אנטשיידענעם קאמף קעגן אלע אנטיפּראָלעטארישע און צעכישע אידעאָלאָגיעס, באזונדערס אקשאָנעסדיק און סיסטעמאטיש בײַקומענדיק די אלגעמיינע און קולטורעלע אָפּגעשטאנענקײַט פון דאָרף, גרייט צו דער ארבעטער-קלאס דערמיט גופא—אפן גרונט פונעם וווקס פון די קאָלעקטיווע ווירטשאפט־פאָרמען—דאָס בײַקומען די קלאסן־צעטיילונג פון דער געזעלשאפט.

צווישן די אופגאבן פון דער קולטור־רעוואָליוציע, וועלכע כאפן ארום די סאמע ברייטסטע מאסן, פארנעמט א באזונדער אָרט דער קאמף קעגן דעם אָפּיום פאר די פעלקער—קעגן דער רעליגיע, א קאמף, וועלכער דארף געפירט ווערן סיסטעמאטיש אומאָפּגעייגבאר. די פּראָלעטארישע מאכט דארף פארניכטן יעטווידער מעלוכישע שטיצע פאר דער קירכע, וואָס איז אן אגענטור פון די קלאסן, וועלכע

האָבנ גֿעהערשט, זי דאַרפֿ פֿארניכטנ יעטווידער ארײַנמישונג פֿונ דער קירכע אינ דער מעלוכיש־אָרגאַניזאציאָנעלער ארבעט פֿונ דער דערציִונג אונ בילדונג אונ אָנ ראכמאָנעס דערשטיקנ די קאָנטר־רעוואָליוציאָנערע טעטיקײַט פֿונ די קירכנ־אָרגאניזאציעס. דערלאָזנדיק די פֿרײַהײַט פֿונ גלויבנ אונ פֿארניכטנדיק די פּריווילעגירטע לאגע פֿונ דער פֿריִער הערשנדיקער רעליגיע, פֿירט די פּראָלעטארישע מאכט אינ דערזעלביקער צײַט מיט אלע מיטלענ, וועלכע זײַנענ איר נאָר צוטריטלעכ, אנ אנטירעליגיעזע פּראָפּאגאנדע אונ בויט איבער די גאנצע דערציִונג אונ בילדונג־ארבעט אפֿ דער באזע פֿונ דער ווּסנשאפֿטלעכער מאטעריאַליסטישער וועלטאָנשויונג.

## 8. דער קאמפ פֿאר דער וועלט-דיקטאטור פֿונעמ פּראָלעטאריאט אונ די גרונט-טיפּנ רעוואָליוציעס.

די צווישנפֿעלקערלעכע רעוואָליוציע פֿונעמ פּראָלעטאריאט בילדעט זיכ אויס פֿונ פֿארשיידנצײַטיקע אונ פֿארשיירנארטיקע פּראָצעסנ: פֿונ ריינ פּראָלעטארישע רעוואָליוציעס; רעוואָליוציעס פֿונ בורזשואז־דעמאָקראטישנ טיפּ, וועלכע וואקסנ אריבער אינ רעוואָליוציעס פֿונ פּראָלעטאריאט; פֿונ נאציאָנאלע באפֿרײַונג־מילכאָמעס; פֿונ קאָלאָניאַלע רעוואָליוציעס. ערשט אינעמ ענדגילטיקנ סאכאקל ברענגט דער רעוואָליוציאָנערער פּראָצעס צו דער וועלט-דיקטאטור פֿונעמ פּראָלעטאריאט.

די ניטגלײַכמעסיקײַט פֿון דער אנטוויקלונג פֿונעם קאפּיטאליזם, וועלכע איז פֿארשארפֿט געוואָרן אין דעם אימפּעריאליסטישן פּעריאָד, האָט ארויסגערופֿן די פֿארשיידנארטיקײַט פֿון זײַנע טיפּן, פֿארשיידענע מאדרייגעס פֿון זײַן רײַפֿקײַט אין באזונדערע לענדער, פֿארשיידנארטיקע און ספּעציפֿישע באדינגונגען פֿארן רעוואָליוציאָנערן פּראָצעס. די דאָזיקע אומשטאנדן מאכן פֿאר היסטאָריש אבסאָליוט אומפֿארמײַדלעך די פֿארשיידנארטיקײַט פֿון די וועגן און טעמפּן פֿונעם פּראָלעטאריאטס קומען צו דער מאכט, די נייטיקײַט אין א ריי לענדער פֿון געוויסע איבערגאנג־שטופֿן, וועלכע פֿירן צו דער דיקטאטור פֿונעם פּראָלעטאריאט, און דערנאָך אויך א פֿארשיידנארטיקײַט אין די פֿאָרמען פֿונעם זיך בויענדיקן סאָציאליזם אין באזונדערע לענדער.

די פֿארשיידנארטיקײַט פֿון די באדינגונגען און איבערגאנג־וועגן צו דער דיקטאטור פֿונעם פּראָלעטאריאט אין באזונדערע לענדער קאָן מען סכעמאטיש דערפֿירן צו דרײַ גרונט־טיפּן:

די לענדער פֿון הויכן קאפּיטאליזם (די פֿאראייניקטע שטאטן פֿון אמעריקע, דײַטשלאנד, ענגלאנד א. א. וו.) מיט מעכטיקע פּראָדוציר־קויכעס, מיט א פּראָדוקציע, וואָס איז אין דער העכסטער מאָס צענטראליזירט, מיט א פֿארהעלטנישמעסיק קליינער באדײַטונג פֿון דער קליינער ווירטשאפֿט, מיט א לאנג שוין אויסגעבילדעטער בורזשואז־דעמאָקראטישער פּאָליטישער אָרדענונג. אין די דאָ־

זיקע לענדער איז די גרונט־פאָדערונג פונ דער פראָגראַם אינ פאָליטישנ געביט דער דירעקטער איבערגאַנג צו דער דיקטאַטור פונעם פראָלעטאַריאַט. אינעם עקאָנאָמישנ געביט זיינענ אַמערסטנ כאַראַקטעריסטיש: די עקספּראָפּריִרונג פונ דער גאַנצער פּראָדוקציע; די אָרגאַניזירונג פונ אַ באַדייטנדיקער צאָל מעלוכישע סאָוועטנ־ווירטשאַפטנ, אונ, פאַרקערט, דאָס איבערגעבנ אַ בעערעכ אומבאַדייטנדיקנ טייל פונ דער ערד דעמ פויערטום; דער פאַרהעלטניסמעסיק קליינער פאַרנעמ פונ די סטיכיישע מאַרק־פאַרהעלטענישנ, דער גיכער טעמפּ פונ דער סאָציאַליסטישער אַנטוויקלונג ביכלאַל אונ פונ קאָלעקטיוויזירנ די פויערישע ווירטשאַפט ביפראַט.

לענדער מיט אַ מיטעלנ אַנטוויקלונג־ניוואָ פונעם קאַפּיטאַליזמ (שפּאַניע, פּאָרטוגאַליע, פּוילנ, אונגאַרנ, די באַלקאַנישע לענדער א. א. וו.), מיט פאַראַנענע באַדייטנדיקע רעשטנ פונ די האַלב־פעאָדאַלע פאַרהעלטענישנ אינ דער לאַנדווירטשאַפט, מיט אַ געוויסנ מינימומ מאַטעריעלע פאָרהאַנאָכעס, וועלכע זיינענ נייטיק פאַר דער סאָציאַליסטישער בויונג, מיט אַ נאָכ ניט פאַרענדיקטער בורזשואַז־דעמאָקראַטישער איבעראַנדערשונג. אינ איינער פונ די דאָזיקע לענדער איז מעגלעכ אַ פּראָצעס פונ אַ מער אָדער ווייניקער גיכנ אַריבערוואַקסנ פונ דער בורזשואַז־דעמאָקראַטישער רעוואָליוציע אינ אַ סאָציאַליסטישער; אינ אַנדערע—טיפּנ פונ פּראָלעטאַרישע רעוואָליוציעס, נאָר מיט אַ גרעסערנ פאַרנעמ פונ אויפגאַבנ מיט אַ בורזשואַז־דעמאָקראַטישנ כאַראַקטער. דאָ, הייסט עס, קאָנ די

פראָלעטארישע דיקטאטור קומענ אפילע ניט מיטאמאָל, נאָר אינעמ פראָצעס פונ איבערגאנג פונ דעוי דעמאָקראטישער דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט און פויערטומ צו דער סאָציאליסטישער דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט; דאָרט, ווו די רעוואָליוציע אנטוויקלט זיכ אומיטלבאר, ווי א פראָלעטארישע רעוואָליוציע, זעט עס פאָרויס, אז דער פראָלעטאריאט פירט אָנ מיט דער ברייטער אגראר־פויערישער באוועגונג; די אגרארע רעוואָליוציע ביכלאל שפילט די גרעסטע, און צומאָל אויכ די אנטשיידנסטע ראָל; אינעמ פראָצעס פונ עקספראָפריִרנ דאָס גרויסע ערד־אייגנטומ ווערט א באדײַטנדיקער טייל פונעמ קאָנפיסקירטנ ערד איבערגעגעבנ אינ רעשוס פונעמ פויערטומ; דער פארנעמ פונ די מארק־פארהעלטענישנ נאָכנ זיג פונעמ פראָלעטאריאט איז א באדײַטנדיקער; די אופגאבע צו קאָאָפערירנ דאָס פויערטומ, און דערנאָכ אויכ אימ פראָדוצירעריש צו פאראייניקנ, פארנעמט א קאָלאָסאל אָרט צווישנ די אנדערע אופגאבנ פונ דער סאָציאליסטישער בויונג. דער טעמפּ פונ דערדאָזיקער בויונג איז א פארהעלטנישמעסיק לאנגזאמער.

*די קאָלאָניאלע און האלב־קאָלאָניאלע לענדער* (כינע, אינדיע א. א. וו.) און *די אָפּהענגיקע לענדער* (ארגענטינע, בראזיליע א. א. וו.) מיט געוויסע שפּראָצונגענ, און צומאָל אויכ מיט א באדײַטנדיקער אנטוויקלונג פונ דער אינדוסטריע, וועלכע איז אָבער אינ דער מערהײַט פאלנ ניט גענוג פאר א זעלבשטענדיקער סאָציאליסטישער בויונג, לענדער מיט אנ איבערוואָג פונ פעאָדאל־מיטלאלטערישע פארהעלטענישנ פונעמ „אזיאטישנ

פּראָדוציר־אויפנ״ סײַ אינ דער עקאָנאָמיק פונעמ לאנד, סײַ אינ
איר פּאָליטישנ איבערבוי, ווו עס זײַנענ, צולעצט, אינ די הענט
פונ די אויסלענדישע אימפּעריאַליסטישע גרופּנ קאָנצענט־
רירט די וויכטיקסטע אינדוסטריעלע, האנדלס־אונ באנק־
אונטערנעמונגענ, די גרונטלעכע טראנספּאָרט־מיטלענ, די ערד־
לאטיפונדיעס אונ פּלאנטאציעס א. א.וו. די צענטראלע באדײַ־
טונג האָט דאָ דער קאמפּ קעגנ פעאָדאליזמ, קעגנ די פּאָר־
קאפּיטאליסטישע פאָרמענ פונ עקספּלואטאציע אונ די קאָנסעק־
ווענט דורכגעפירטע אגרארע רעוואָליוציע פונעמ פּויער־
טומ—פונ איינ זײַט, דער קאמפּ קעגנ אויסלענדישנ אימ־
פּעריאליזמ פונ דער נאציאָנאלער אומאָפּהענגיקײַט—פונ דער
צווייטער. דער איבערגאנג פונ דער דיקטאטור פונעמ פּראָ־
לעטאריאט איז דאָ אלס קלאל מעגלעכ בלויז דורכ א ריי
צוגרייטונג־שטופּעס, בלויז אינ רעזולטאט פונ א גאנצנ
פּעריאָד פונ אריבערוווּקס פונ א בורזשואז־דעמאָקראטישער
רעוואָליוציע אינ א סאָציאליסטישער רעוואָליוציע; די דער־
פאָלגרײַכע סאָציאליסטישע בויונג, ווידער, איז אינ דער מער־
הײַט פאלנ מעגלעכ בלויז באמ באדינג פונ דירעקטער
שטיצע מיצאד די לענדער פונ פּראָלעטארישער דיקטאטור.

אינ די נאָכ מער אָפּגעשטאנענע לענדער (לעמאָשל אינ אייניקע טיילנ אפריקע), ווו עס איז קימאט ניטאָ אָדער אינגאנצנ ניטאָ קיינ לוינ־ארבעטער, ווו די מערהײַט פונ דער באפעלקערונג לעבט אינ באדינגונגענ פונ שוואָטימ־שטייגער אונ ווו עס זײַנענ נאָכ פארבליבנ רעשטלעכ פונ די אוראלטע שטאמ־פאָרמענ, ווו עס איז קימאט ניטאָ קײַנ נאציאָנאלע בורזשואזיע אונ ווו דער אויסלענדי־

שער אימפּעריאַליזמ שפּילט אינ דער ערשטער ריי די ראָל פונ א מיליטערישנ אָקופּאַנט, וועלכער נעמט צו די ערד,— דאָרט באַקומט די צענטראַלע באַדײַטונג דער קאַמפּ פאַר נאַציאָנאַלער באַפרײַונג. דער נאַציאָנאַלער אופשטאַנד אונ זײַנ זיג קאָנענ דאָ עפענענ א וועג פאַר דער אַנטוויקלונג פונעמ סאָציאַליזמ, אַזוי, אַז דאָס לאַנד זאָל ביכלאַל ניט דאַרפנ דורכגיינ די קאַפּיטאַליסטישע סטאַדיע, אויב עס וועט ווירקלעכ באַקומענ א מעכטיקע הילפּ מיצאַד די לענדער פונ דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור.

אַזוי אַרומ, אינ דער עפּאָכע, ווענ אפנ טאָג-אָרדענונג אינ די אַנטוויקלטע קאַפּיטאַליסטישע לענדער ווערט אַרויסגערוקט די אופגאַבע, אַז דער פּראָלעטאַריאַט זאָל דעראָבערנ די מאַכט, ווענ עס עקזיסטירט שוינ די דיקטאַטור פונעמ פּראָלעטאַריאַט אינ פּססר, וואָס דאָס איז א פאַקטער פונ א וועלט-באַדײַטונג,—קאָנענ די באַפרײַונג-באַוועגונגענ אינ די קאָלאָניאַלע אונ האַלב-קאָלאָניאַלע לענדער, וועלכע ווערנ אַרויסגערופנ דורכ דעמ, וואָס אַהינ דרינגט אַרײַנ דער וועלט-קאַפּיטאַליזמ, קאָנענ זיי, ניט געקוקט אפ דער ניט-צײַטיקײַט פונ די געזעלשאַפטלעכע פאַרהעלטענישנ אינ די דאָזיקע לענדער, אויב מע זאָל זיי נעמענ איזאָלירט, ברענגענ צו זייער סאָציאַליסטישער אַנטוויקלונג בא דער הילפּ אונ שטיצע מיצאַד דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור אונ מיצאַד דער צווישנפעלקערלעכער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג ביכלאַל.

## 9. דער קאמפ פאר דער וועלט־דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט און די קאָלאָניאלע רעוואָליוציעס

די ספעציפישע באדינגונגענ פונעמ רעוואָליוציאָנערנ קאמפ אינ די וויכטיקסטע קאָלאָניאלע און האלב־קאָלאָניאלע לענדער, די אומפארמײַדלעכקײַט פונ א דויערנדיקנ פעריאָד פונ קאמפ פאר דער דעמאָקראטישער דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט און פויערטומ און פונעמ אריבערוווקס פונ דער דאָזיקער דיקטאטור אינ א דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט, צולעצט, די אנטשיידנדיקע באדײַטונג פונ די נאציאָנאלע מאָמענטנ, לייגנ ארופ אפ די קאָמוניסטישע פארטייענ פונ די דאָזיקע לענדער א ריי באזונדערע אופגאבנ, וועלכע בילדנ א צוגרייטונג־שטופע צו די אלגעמיינע אופגאבנ פונ דער דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט. פאר די וויכטיקסטע פונ די דאָזיקע באזונדערע אופגאבנ האלט דער קאָמוניסטישער אינטערנאציאָנאל די פאָלגנדע אופגאבנ:

1) אראָפוואַרפנ די מאכט פונעמ אויסלענדישנ אימפעריאליזמ, פונ די פעאָדאלנ און פונ דער פריצישער ביוראָקראטיע.

2) אײַנפירנ די דעמאָקראטישע דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט און פונעמ פויערטומ אפ דער באזע פונ סאָוועטנ.

3) די פולע נאציאָנאלע אומאָפהענגיקײַט און מעלוכישע פאראייניקונג.

4) אנולירנ די מעלוכע־חובֿות.

5) נאציאָנאליזירנ די גרויסע אונטערנעמונגענ (די

אינדוסטריעלע, טראנספּאָרטישע, באנקישע א. א.), װעלכע געהערנ צו די אימפּעריאליסטנ.

6) קאָנפיסקירנ די פּריצישע, קלױסטערישע אונ מאָנאסטירישע ערד. נאציאָנאליזירנ די גאנצע ערד.

7) אײַנפירנ אנ 8־שאָעדיקנ ארבעט־טאָג.

8) אָרגאניזירנ א רעװאָליוציאָנערע ארבעטער־פּױערישע ארמײ.

אפ װי װײַט עס װעט גײנ די אנטװיקלונג אונ פּארטיפּערונג פונעמ װײַטערדיקנ קאמפּ (סאבאָטאזש מיצאד דער בורזשואזיע, די קאָנפיסקאציע פונ די אונטערנעמונגענ, װעלכע געהערנ צו די דאָזיקע שיכטנ בורזשואזיע, װאָס װאקסט אומפארמײַדלעכ אריבער אינ דער נאציאָנאליזירונג פונ דער גרױס־אינדוסטריע) אינ יענע קאָלאָניעס אונ האלבקאָלאָניעס, װו דער פּראָלעטאריאט שפּילט די ראָל פונ אנ אָנפירער אונ העגעמאָנ, װעט די קאָנסעקװענטע בורזשואז־דעמאָקראטישע רעװאָליוציע אריבערװאקסנ אינ א רעװאָליוציע פונעמ פּראָלעטאריאט. אינ די קאָלאָניעס, װו קײַנ פּראָלעטאריאט איז ניטאָ, דארפ דאָס אראָפּװארפנ די מאכט פונ די אימפּעריאליסטנ באטײַטנ, אז עס װערט אָרגאניזירט א מאכט פונ פאָלק (פּױערימ)־סאָװעטנ, עס װערנ קאָנפיסקירט די אױסלענדישע אונטערנעמונגענ אונ ערדנ, אונ זײ װערנ איבערגעגעבנ אינ די הענט פונ דער מעלוכע.

פונעמ שטאנדפּונקט פונ קאמפּ קעגנ דעמ אימפּעריאליזמ, פונעמ שטאנדפּונקט פונ דעראָבערנ די מאכט דורכנ ארבעטער־קלאס, שפּילנ די קאָלאָניאלע רעװאָליוציעס אונ די נאציאָנאלע באפרײַונג־באװעגונגענ א קאָלאָסאלע ראָל.

די קאָלאָניעס און האַלבע קאָלאָניעס האָבנ א באַדײַטונג אינעמ איבערגאנג־פעריאָד אויכ דערפאר, ווײַל בענעגייע די אינדוסטריעלע לענדער, וועלכע שפּילנ די ראָל פונ א וועלט־שטאָט, שפּילנ זיי די ראָל פונ א וועלט־דאָרפ, און די פראגע וועגנ אָרגאניזירנ די סאָציאַליסטישע וועלט־ווירטשאפט, וועגנ ריכטיקנ קאָאָרדינירנ די אינדוסטריע מיט דער לאנדווירטשאפט, איז אינ א באַדײַטנדיקער מאָס א פראגע וועגנ דער באַציִונג צו די געוועזענע קאָלאָניעס פונעמ אימפּעריאַליזמ. דער ברידערלעכער קאמפּס־פארבאנד מיט די קאָלאָניאַלע ארבעטנדיקע מאסנ איז דעריבער איינע פונ די הויפּט־אויפגאבנ פונעמ אַלוועלטלעכנ אינדוסטריעלנ פּראָלעטאריאט, אלס העגעמאָנ און אָנפירער פונעמ קאמפּ קעגנ דעמ אימפּעריאַליזמ.

אזוי ארומ, אויפהייבנדיק די ארבעטער פונ די מעטראָפּאָליעס צומ קאמפּ פאר דער דיקטאטור פונעמ פּראָלעטאריאט, הייבט אופ דער גאנג פונ דער וועלט־רעוואָלוציע אויכ די הונדערטער מיליאָנענ קאָלאָניאַלע ארבעטער און פויערימ צומ קאמפּ קעגנ אויסלענדישנ אימפּעריאַליזמ. בא דער אָנוועזנהײַט פונ צענטרענ פונעמ סאָציאַליזמ, אינעמ געשטאלט פונ די סאָוועטישע רעפּובליקנ און פונ זייער וואקסנדיקער עקאָנאָמישער מאכט, דערנעענטערנ זיכ עקאָנאָמיש די קאָלאָניעס, וואָס זײַנענ אָפּגעפאלנ פונעמ אימפּעריאַליזמ, און פאראייניקנ זיכ ביסלעכווײַז מיט די אינדוסטריעלע צענטרענ פונעמ וועלט־סאָציאַליזמ, זיי ווערנ ארײַנגעצויגנ אינ דעמ

שטראָם פון סאָציאַליסטישער בויונג, אויסמײַדנדיק די פּאזע פון דער ווײַטערדיקער אנטוויקלונג פונעם קאפּיטאליזם אלס הערשנדיקע סיסטעם, און זיי באקומען די מעגלעכקײַט פון א גיכן עקאָנאָמישן און קולטורעלן פּראָגרעס. פּאָליטיש גרופּירנדיק זיך ארום די צענטרען פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאטור, שליסן זיך אײַן די פּויערים־סאָוועטן פון די אָפּגעשטאנענע געוועזענע קאָלאָניעס פון א מער אנטוויקלטן טיפּ,—זיי שליסן זיך אײַן אין דער אלגעמיינער סיסטעם פון דער אלץ וואקסנדיקער פעדעראציע פון סאָוועטישע רעפּובליקן, און דערמיט גופא, הייסט עס, אויך אין דער סיסטעם פון דער וועלט־דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאט.

די אנטוויקלונג פונעם סאָציאַליזם, אלס נײַער פּראָדוציר־אויפן, באקומט דערמיט איר וועלט־פּארמעסט.

# V. די דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאט אינ פססר אונ די צווישנפעלקערלעכע סאָציאַליסטישע רעוואָליוציע

## 1. די בויונג פונעם סאָציאַליזמ אינ פססר אונ דער קלאסנ־קאמפ

דער איקער, אינ וואָס עס ווײַזט זיכ ארויס דער טיפסטער קריזיס אינ דער קאפיטאליסטישער סיסטעמ, איז די שפאלטונג פונ דער וועלט־ווירטשאפט אפ לענדער פונ קאפיטאליזמ אונ לענדער, וווּ עס בויט זיכ דער סאָציאַליזמ. די אינערלעכע פארפעסטיקונג פונ דער פראָלעטארישער דיקטאטור אינ פססר, די דערפאָלגנ פונ דער סאָציאַליסטישער בויונג, דער וווּקס פונעם אײַנפלוס אונ אווטאָריטעט פונ פססר צווישנ די פראָלעטארישע מאסנ אונ די אונטערדריקטע פעלקער פונ די קאָלאָניעס באדײַטנ דעריבער א פאָרזעצונג, פארשטארקונג אונ פאנאנדערוויקלונג פונ דער צווישנפעלקערלעכער סאָציאַלער רעוואָליוציע. פארמאָגנדיק די נייטיקע אונ גענוגנדיקע מאטעריעלע פאָרהאנאָכעס אינעמ לאנד ניט נאָר אפ אראָפּצו־

וואַרפנ די פּריצימ אונ בורזשואַזיע, נאָר אויכ אַפּ אויסצובויענ דעמ פולשטענדיקנ סאָציִאַליזמ, האָבנ די אַרבעטער פונ די סאָוועטישע רעפּובליקנ מיט דער הילפ פונעמ צווישנפעלקערלעכנ פּראָלעטאַריִאַט העלדיש אָפּגעשלאָגנ דעמ אָנגריפ פונ די באַוואָפנטע קויכעס פונ דער אינערלעכער אונ אויסלענדישער קאָנטער־רעוואָליוציע, זיי האָבנ פאַרפעסטיקט זייער פאַרבאַנד מיט די גרונט-מאַסנ פונעמ פויערטומ אונ דערגרייכט גרויסע דערפאָלגנ אינעמ געביט פונ סאָציִאַליסטישער בויונג.

די פאַרבינדונג צווישנ דער פּראָלעטאַרישער סאָציִאַליסטישער אינדוסטריע מיט דער פויערישער קליינ־ווירטשאַפט, וועלכע זיכערט סײַ דעמ וווּקס פונ די פּראָדוצירקויכעס פונ דער לאַנדווירטשאַפט, סײַ די אָנפירנדיקע ראָל פונ דער סאָציִאַליסטישער אינדוסטריע; דער צוזאַמענשלוס פונ דער דאָזיקער אינדוסטריע מיט דער לאַנדווירטשאַפט, אָנשטאָט דעמ קאַפּיטאַליסטישנ באַדינענ דעמ ניט־פּראָדוצירערישנ געברויכ פונ די פּאַראַזיטישע קלאַסנ; דאָס פּראָדוצירנ ניט צוליב קאַפּיטאַליסטישנ רעווע, נאָר קעדיי צו באַפרידיקנ די מאַסנ־באַדערפענישנ אינ די באַדינגונגענ פונ שנעלער אַנטוויקלונג פונ די דאָזיקע באַדערפענישנ, וואָס סטימולירט אינ לעצטנ סאַכאַקל אינ א הויכער מאָס דעמ גאַנצנ פּראָדוציר־פּראָצעס; צולעצט, די גרעסטע קאָנצענטראַציע פונ די עקאָנאָמישע קאָמאַנדירהויכנ אינ די הענט פונ דער פּראָלעטאַרישער מעלוכע, די וואַקסנדיקע עלעמענטנ פונ פּלאַנישער אָנפירונג אונ די עקאָנאָמישע אונ סאַמע צוועקמעסיקסטע פאַרטיילונג פונ די

פּראָדוציר־מיטלענ, וואָס איז דערמיט פארבונדנ,—דאָס אלצ
גיט דעמ פּראָלעטאריאַט די מעגלעכקייט שנעל זיכ בא־
וועגנ פאָרויס אפנ וועג פונ סאָציאַליסטישער בויונג.
אופהייבנדיק די פּראָדוציר־קויכעס פונ דער גאנצער
פּאָלקווירטשאפט, אומאָפּנייגבאר דורכפירנדיק דעמ קורס
אפ דער אינדוסטריאַליזירונג פונ פּססר, וואָס איר שנע־
לער טעמפּ ווערט דיקטירט דורכ דער גאנצער צווישנפעל־
קערלעכער אונ אינערלעכער סיטואציע, ניט געקוקט אפ די
סיסטעמאטיש זיכ איבערכאזערנדיקע פּרווונ פונ א פינאנ־
ציעל־עקאָנאָמישנ בויקאָט מיצאד די קאפּיטאליסטישע
מעלוכעס, העכערט דער פּראָלעטאריאַט פונ פּססר אינ
דער זעלביקער צייט דעמ ספּעציפישנ געוויכט פונ דעמ
פּארגעזעלשאפטלעכטנ (סאָציאַליסטישנ) סעקטער פונ דער
פּאָלקווירטשאפט סיי לויטנ כיילעק אינ די פּראָדוציר־
מיטלענ פונעמ גאנצנ לאנד, סיי לויטנ כיילעק אינ דער
סאכאקל־פּראָדוקציע אונ אינ דעמ אלגעמיינעמ סכוירע־
אומזאצ פונעמ לאנד. דורכ די הייבערס פונעמ מעלוכישנ
האנדל אונ פונ דער שנעל־וואקסנדיקער קאָאָפּעראציע,
בא דער אָנוועזנהייט פונ דער ערד־נאציאָנאליזאציע
אונ פונ דער זיכ פאנאנדערוויקלענדיקער אינדוסטריאַלי־
זירונג פונעמ לאנד, פּירט, אזוי ארומ, די מעלוכישע סאָ־
ציאַליסטישע אינדוסטריע, די טראנספּאָרט־אונ די באנק־
סיסטעמ אלצ מער אונ מער נאָכ זיכ די קליינע אונ קלענ־
סטע פּויערישעווירטשאפטנ.
ספּעציעל אינעמ לאנדווירטשאפטלעכנ געביט קומט פּאָר
דער אופשטייג פונ די פּראָדוציר־קויכעס אינ באדינגונגענ,

וועלכע באַגרענעצן די דיפערענצירונג פונעם פויערטום (די נאַציאָנאַליזירונג פונ דער ערד, אונ דאָס הייסט, אויכ דער פאַרבאָט צו קויפנ אונ פאַרקויפנ ערד־פּלעצער, די שאַרפ־פּראָגרעסיווע שטייַערנ־פאַרטיילונג, די פינאַנסירונג פונ דער אָרעם־מיטל־פּויערישער קאָאָפּעראַציע אונ פונ די פּראָדוציר־פאַרייניקונגענ פונ דער אָרעם־מיטל־פּויערישער מאַסע, די געזעצגעבונג וועגנ לוינ־אַרבעט, דאָס אָפּנעמענ בא די באַלעגופים א ריי פּאָליטישע אונ געזעלשאַפטלעכע רעכט, די ספּעציעלע אָרגאַניזאַציע פונ דער אָרעמקייַט א.א.וו.). אָבער אַפּ אַזויפיל, אַפּ וויפל די פּראָדוציר־קויכעס פונ דער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע זייַנענ נאָכ ניט אַזוי אויסגעוואַקסנ, אַז זיי זאָלנ אינ א ברייטנ מאַסשטאַב אַרונטערפירנ א נייַעמ טעכנישנ באַזיס אונטער דער לאַנד־ווירטשאַפט אונ דערמיט טייקעפּ פאַרווירקלעכנ די שנעלע פּראָדוציר־פאַרייניקונג פונ די פּויערישע ווירטשאַפטנ אינ גרויסע געזעלשאַפטלעכע ווירטשאַפטנ (קאָלעקטיווע ווירטשאַפטנ), וואַקסט אינ א געוויסער מאָס אויכ דאָס באַלעגופנטום, וואָס שטעלט אייַנ א ווירטשאַפטלעכנ אונ דערנאָכ אויכ א פּאָליטישנ צוזאַמענשלוס מיט די עלעמענטנ פונ דער אויפגערופענער „נייַער בורזשואַזיע“.

האָבנדיק אינ זייַנע הענט די אַנטשיידנדיקע עקאָנאָמישע קאָמאַנדיר־הויכנ; סיסטעמאַטיש אַרויסשטויסנדיק די רעשטנ פונעמ פּריוואַטנ שטאָטישנ קאַפּיטאַל, וועמעס כיילעק עס איז זייער שאַרפ געפאַלנ אינעמ משעכ פונעמ לעצטנ פּעריאָד פונ דער „נייַער עקאָנאָמישער פּאָליטיק“; מיט אַלע מעגלעכקייַטנ באַגרענעצנדיק די עקספּלואַטאַטאָרישע שיכטנ

פונ דאָרפ, וועלכע וואקסנ אויס אפנ יעסאָד פונ דער אנט־
וויקלונג פונ די סכויריש־געלטישע פארהעלטענישנ; שטיצנ־
דיק די סאָוועטישע ווירטשאפטנ אינ דאָרפ אונ פאנאנדער־
וויקלענדיק די נייַע בויונג זייערע; ארייַנציִענדיק די גרונט־
מאסנ פאָשעטע סכוירע־פראָדוציר־פויערימ אינ דער אלגע־
מיינער סיסטעמ פונ דער סאָוועטישער ווירטשאפטלעכער
אָרגאניזאציע אונ, הייסט עס, אויכ אינ דער זאכ פונ
סאָציִאליסטישער בויונג דורכ דער שנעל־פראָגרעסירנדיקער
קאָאָפערירונג, וואָס אינ די באדינגונגענ פונ פראָלעטארי־
שער דיקטאטור אונ עקאָנאָמישער אָנפירונג מיצאד דער
קאפיטאליסטישער אינדוסטריע איז דאָס אידענטיש
מיט דער אנטוויקלונג פונעמ סאָציִאליזמ; אריבערגיי־
ענדיק פונעמ אופשטעלונג־פראָצעס צו א פארברייטער־
טער רעפראָדוקציע פונעמ גאנצנ פראָדוציר־טעכנישנ פונ־
דאמענט פונעמ לאנד, — שטעלט פאר זיכ דער פראָלעטא־
ריִאט פונ פססר, אונ הויבט שוינ אָנ פארווירקלעכנ די
אופגאבע פונ גרויסער קאפיטאלער בויונג (די פראָדוקציע
פונ פראָדוציר־מיטלענ ביכלאל, די שווערע אינדוסטריע אונ
עלעקטריפיקאציע ביפראט אונ באזונדערס), אונ צוגלייַכ
מיט דער ווייַטערדיקער אנטוויקלונג פונ דער אָפזאצ־אייַנ־
קויפ־אונ קרעדיט־קאָאָפעראציע—די אופגאבע פונ אומיטלבאר־
פראָדוצירערישנ אונ דערבייַ אלצ מער מאסנהאפטנ קאָ־
אָפערירנ דאָס פויערטומ אפ דער באזע פונ קאָלעקטיוויזמ,
וואָס דאָס פאָדערט א מעכטיקע מאטעריִעלע שטיצע מיצאד
דער פראָלעטארישער מעלוכע.
זייַענדיק שוינ אנ אנטשיידנדיקע עקאָנאָמישע קראפט,

װעלכע באַשטימט מיט זיך אין גרונט די גאַנצע אַנטװיקלונג פון דער עקאָנאָמיק אין פססר, מאַכט דער סאָציאַליזם, אַזױ אַרום, דערמיט גופע װײַטערדיקע גרױסע שריט אין זײַן אַנטװיקלונג, בײַקומענדיק סיסטעמאַטיש די שװעריקײַטן, װעלכע שטאַמען פון דעם קלײנבירגערלעכן כאַראַקטער פונעם לאַנד און װעלכע זײַנען פאַרבונדן מיט פעריאָדן פון צײַטװײַליקער פאַרשאַרפונג פון די קלאַסן־װידער־שפּרוכן.

די נײטװענדיקײַט צו איבערױסשטאַטן די אינדוסטריע, די נײטװענדיקײַט פון אַ גרױסער קאַפּיטאַלער בױונג קאָנען ניט ניט אַרױסרופן אַ רײ גרעסטע שװעריקײַטן אױפן װעג פון דער סאָציאַליסטישער אַנטװיקלונג, װעלכע דערקלערן זיך אין לעצטן סאַך־אַקל מיט דער טעכניש־עקאָנאָמישער אָפּגעשטאַנענקײַט פונעם לאַנד און מיט זײַן רױנירטקײַט אין די יאָרן פון אימפּעריאַליסטישן און בירגערלעכן קריג. אָבער, ניט געקוקט דערױף, שטײַגט פונדעסטװעגן דער לעבנס־ניװאָ פונעם אַרבעטער־קלאַס און פון די ברײטע אַרבעטנדיקע מאַסן אָן אױפהער אַלץ מער, און צוזאַמען מיט דער סאָציאַליסטישער ראַציאָנאַליזאַציע און װיסנשאַפט־לעכער אָרגאַניזאַציע פון דער אינדוסטריע װערט ביסלעכ־װײַז אײַנגעפירט אַ 7־שאָעדיקער אַרבעט־טאָג, װאָס דאָס עפנט אױף װײַטערדיקע פּערספּעקטיװן אױף צו פאַרבעסערן די באַדינגונגען פון דער אַרבעט, לעבן און שטײגער פונעם אַרבעטער־קלאַס.

אױפן גרונט פון װירטשאַפטלעכן װוּקס פון פססר, פון דער אָנױפהערלעכער העכערונג פונעם ספּעציפישן גע־

וויכט פונעמ סאָציאַליסטישנ סעקטער, אפ קיינ איינ מינוט
ניט אופהערנדיק דעמ קאמפ מיטנ באַלעגופנטומ, שטיצנדיק
זיכ אינ דאָרפ אפ דער אָרעמקייט אונ שטייענדיק אינ א
פעסטנ פארבאנד מיט די גרונטלעכע מיטלע מאסנ פונעמ
פויערטומ, ציט ארײַנ דער ארבעטער־קלאס, א פארייניק־
טער דורכ דער אָנפירונג פונ דער קאָמוניסטישער פארטיי,
וועלכע איז פארהארטעוועט אינ רעוואָליוציאָנערע שלאכטנ,
אלצ מער אונ מער די ברייטע מאסנ פונ די צענדלי־
קער מיליאָנענ ארבעטנדיקע אינ דער זאכ פונ סאָציא־
ליסטישער בויונג. די גרונט־מיטלענ דערצו זײַנענ: די אנט־
וויקלונג פונ די ברייטע מאסנ־אָרגאניזאציעס (די פארטיי—
אלס אָנפירנדיקע קראפט, די פראָפעסיאָנעלע פארײנענ
אלס רוקנביינ פונ דער גאנצער סיסטעמ פונ פראָלעטארי־
שער דיקטאטור, דער קאָמיוג, די קאָאָפעראציע פונ אלע
מינימ, די אָרגאניזאציעס פונ פרויענ, ארבעטערנס אונ
פויערטעס; די פארשיידענערליי אזויגערופענע „פרײַוויליקע
געזעלשאפטנ“, די ארבקאָרישע אונ דאָרפקאָרישע, ספאָר־
טיווע, וויסנשאפטלעכע, קולטורעל־אופקלערערישע אָרגא־
ניזאציעס), די אלמעגלעכע סטימולירונג פונ דער מאסנ־
איניציאַטיוו, דאָס ארויסרוקנ אלצ נײַע שיכטנ ארבעטער
אפ קאָמאנדיר־פאָסטנס אינ אלע געביטנ פונ ווירטשאפט
אונ פארוואלטונג, דאָס אָנופהערלעכע ארײַנציִענ די מאסנ
אינ דעמ פראָצעס פונ סאָציאַליסטישער בויונג, דאָס שטענ־
דיק אָפּפרישנ דעמ גאנצנ מעלוכיש־ווירטשאפטלעכנ, פראָ־
פעסיאָנעלנ אונ פארטייִשנ אפאראט מיט נײַע אונ נײַע
כוחות פונ ארבעטער־קלאס, דאָס סיסטעמאטישע ארויסארבעטנ נײַע

סאָציאַליסטישע קאַדרענ פונ אַרבעטער בכלל, פונ דער אַרבעטער־יוגנט בפרט, אינ הויכשולנ, אפ ספעציעלע קורסנ א.א.וו. פאַר אַלע בויונג־געביטנ — זײַנע אײנע פונ די הויפּט־גאַראַנטיעס קעגנ דער ביוראָקראַטישער פאַרגליי־וועדונג אָדער סאָציאַלער איבערגעבוירט פונעמ אומיטלבאַר אָנפירנדיקנ קאַדר־שיכט פונעמ פראָלעטאַריאַט.

## 2. די באַדײַטונג פונ פססר אונ זײַנע צווישנפעלקערלעכ־רעוואָליוציאָנערע פליכטנ

צעקלאַפּנדיק דעמ רוסישנ אימפּעריאַליזמ אונ באַפרײַענדיק אַלע געוועזענע קאָלאָניעס אונ אונטערדריקטע נאַציעס פונ דער צאַרישער אימפּעריע; סיסטעמאַטיש אונטערפירנדיק א פעסטנ באַזיס פאַר זייער קולטורעל־פּאָליטישער אַנטוויק־לונג דורכ דער אינדוסטריאַליזירונג פונ די געהעריקע טע־ריטאָריעס; פאַרפעסטיקנדיק אינ דער מעלוכישער קאָנסטי־טוציע פונעמ פאַרבאַנד די רעכטלעכע פּאָזיציע פונ די אויטאָנאָמע געגנטנ, אויטאָנאָמע רעפּובליקנ אונ פאַר־באַנדישע רעפּובליקנ אונ רעאַליזירנדיק פולשטענדיק דאָס רעכט פונ די נאַציעס אפ זעלבסטבאַשטימונג, — מיט דעמ גופא זיכערט די דיקטאַטור פונעמ פּראָלעטאַריאַט אינ פססר ניט נאָר די פאָרמעלע, נאָר אויכ די פאַקטישע גלײַכהײַט פונ די פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטנ פונעמ פאַרבאַנד.

זײַענדיק א לאַנד פונ דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור אונ פונ דער בויונג פונ סאָציאַליזמ, א לאַנד פונ די קאָלאָסאַלע

דעראָבערונגענע פונעם ארבעטער־קלאס, א לאנד פון א פאר־באנד צווישן די ארבעטער און די פויערים, א לאנד פון א נייער קולטור, וואָס גייט אונטער דער פאָן פון מארקסיזם, ווערט פססר אומפארמײַדלעך א באזע פון דער אלוועלטלעכער באוועגונג פון אלע אונטערדריקטע קלאסן, א צענטער פון דער צווישנפעלקערלעכער רעוואָליוציע, דער גרעסטער פאקטער אין דער וועלט־געשיכטע. אין פססר דעראָבערט דער אלוועלטלעכער פראָלעטאריאט צום ערשטן מאָל ווירקלעכע זײַן פאָטערלאנד, פאר די קאָלאָניאַ־לע באוועגונגען ווערט ער דער צענטער פון גרעסטער צוציִונג.

אזוי ארום איז פססר, אין די באדינגונגען פונעם אל־געמיינעם קריזיס פונעם קאפיטאליזם, דער וויכטיקסטער פאקטער ניט נאָר דערפאר, וואָס ער איז אָפּגעפאלן פון דער קאפיטאליסטישער וועלט־סיסטעם, שאפנדיק א באזע פאר א נײַער סאָציאַליסטישער ווירטשאפט־סיסטעם, נאָר אויך דערפאר, וואָס ער שפּילט ביכלאל אן אויסשליס־לעכ קאָלאָסאלע רעוואָליוציאָנערע ראָל, די ראָל פון א צווישנפעלקערלעכן באוועגער פון דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע, וועלכע שטויסט די פּראָלעטאריער פון אלע לענדער צו פארכאפּן די מאכט; די ראָל פון א לע־בעדיקן בײַשפּיל דערויף, אז דער ארבעטער־קלאס איז פייִק ניט נאָר צו צעשטערן דעם קאפיטאליזם, נאָר אויך צו בויען דעם סאָציאַליזם; די ראָל פון אן אורבילד פון יענע ברידערלעכע קעגנזײַטיקע פארהעלטענישן צווישן די נאַציִאָנאליטעטן פון אלע לענדער אינעם פארבאנד פון די

סאָוועטישע סאָציאַליסטישע רעפּובליקן פון דער וועלט און פון יענער עקאָנאָמישער פאַרייניקונג פון די אַרבעטנדיקע פון אַלע לענדער אין דער איינהייטלעכער וועלט־ווירטשאַפט פונעם סאָציאַליזם, וועלכע עס דאַרף איינשטעלן דער וועלט־פּראָלעטאַריאַט, וואָס האָט דעראָבערט די מעלוכישע מאַכט.

די גלייכצייטיקע עקזיסטענץ איינע נעבן דער אַנדערער פון צוויי ווירטשאַפטלעכע סיסטעמען, פון דער סאָציאַליסטישער סיסטעם אין פּססר און דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם אין די איבעריקע לענדער, שטעלט פאַר דער מעלוכע פונעם פּראָלעטאַריאַט די אויפגאַבע אָפּצושטעלן די אָנגריפן מיצאַד דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט (בויקאָט, בלאָקאַדע א.א.וו.) און צוזאַמען דערמיט די אויפגאַבע פון עקאָנאָמישן מאַנעווורירן און אויסנוצן די עקאָנאָמישע פאַרבינדונגען מיט די קאַפּיטאַליסטישע לענדער (מיט דער הילף פון דער מאָנאָפּאָל־אָרגאַניזאַציע פונעם אויסערלעכן האַנדל, וואָס דאָס איז איינע פון די גרונט־באַדינגונגען פאַר דער דערפאָלגרייכער בויונג פונעם סאָציאַליזם, אין דער פאָרם פון קרעדיטן, האַלוואָעס, קאָנצעסיעס א.א.וו.). די הויפּט־און גרונט־ליניע דאָ דאַרף זיין א ליניע פון ווי ווייט מעגלעך ברייטערע פאַרבינדונגען מיט אויסלאַנד, אָבער אין די ראַמען פון דער לוינבאַרקייט פאַר פּססר, ד. ה. אין דער ערשטער ריי, פאַר דער פאַרפעסטיקונג פון דער אינדוסטריע אין פּססר גופע, פאַר אונטערפירן א באַזע פון אן אייגענער שווערער אינדוסטריע און עלעקטריפיקאַציע, צולעצט, פאַר אן אייגענער סאָציאַליסטישער מאַשין־בויונג. נאָר אַפּ אַזוי פיל, אַפּ וויפל עס ווערט

געזיכערט די דאָזיקע עקאָנאָמישע זעלבשטענדיקײט פונ
פּסר אינ די באַדינגונגענ פונ קאַפּיטאַליסטישער ארומ־
רינגלונג, ווערט געשאַפנ אַ פעסטע גאַראַנטיע קעגנ דער
געפאַר צו צעשטערנ די סאָציאַליסטישע בויונג פונ פּסר
אונ פאַרוואַנדלענ דעמ פּסר אינ אַ צוגאָב צו דער קאַ־
פּיטאַליסטישער וועלט־סיסטעמ.

פונ דער צווייטער זײַט, איז ניט געקוקט דערויף, וואָס
די קאַפּיטאַליסטישע מעלוכעס זײַנענ פאַראינטערעסירט אינ
פּסרישע מערק, וואַקלענ זיי זיך קעסיידער צווישנ די
האַנדל־אינטערעסנ אונ דער מוירע פאַר דעמ וווּקס פונ
פּסר, פאַר דעמ וווּקס, וועלכער באַדײַט אַ וווּקס פונ
דער צווישנפעלקערלעכער רעוואָליוציע. אָבער די הויפּט־
אונ גרונט־טענדענצ אינ דער פּאָליטיק פונ די אימ־
פּעריאַליסטישע מעלוכעס איז די טענדענצ ארומצורינג־
לענ דעמ פּסר אונ צו פירנ אַ קאָנטער־רעוואָליוציאָ־
נערע מילכאָמע קעגנ אימ מיטנ צוועק אימ צו דערשטיקנ
אונ צו באַשאַפנ אַ אַלוועלטלעכנ בורזשואַז־טעראָריסטישנ
רעזשימ.

דידאָזיקע סיסטעמאַטישע פרווונ פונעמ אימפּעריאַליזמ
פּאָליטיש ארומרינגלענ דעמ פּסר אונ די וואַקסנדיקע
געפאַר פונ אַ מילכאָמע־אָנפאַל וועלנ ניט שטערנ דער
אַלקפּ(ב), דער סעקציע פונ קאָמוניסטישנ אינטערנאַציאָנאַל,
וועלכע פירט אָנ מיט דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור
אינ פּסר, אויסצופילנ אירע אינטערנאַציאָנאַלע פליכטנ
אונ געבנ שטיצע אַלע אונטערדריקטע, שטיצע דער
אַרבעטער־באַוועגונג פונ די קאַפּיטאַליסטישע לענדער;

שטיצע דער באוועגונג פונ די קאָלאָניאלע פעלקער קעגנ דעמ אימפעריאליזמ; שטיצע דעמ קאמפ קעגנ דער נאציאָנאלער אונטערדריקונג אינ יעטווידער פאָרמ.

## 3. די פליכטנ פונעמ צווישנפעלקערלעכנ פראָלעטאריאט אינ באצוג צו פ.ס.ס.ר.

דער אינטערנאציאָנאלער פראָלעטאריאט פונ זייַנ זייַט, וועלכער האָט אינעמ פססר זייַנ איינציק פאָטערלאנד, די וויכטיקסטע פעסטונג פאר זייַנע דעראָבערונגענ און דעמ הויפטלעכסטנ פאקטער פאר זייַנ צווישנפעלקערלעכער באַ־פרייַונג, איז פארפליכטעט מיטצוהעלפנ די דערפאָלגנ פונ דער סאָציאליסטישער בויונג אינ פססר און מיט אלע מיט־לענ באשיצנ אימ קעגנ די אָנפאלנ מיצאד די קאפיטאלי־סטישע מעלוכעס.

„די פאָליטישע וועלט־סיטואציע האָט איצט אוועקגעשטעלט אפנ טאָג־אָרדענונג די דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט, און אלע געשעענישנ פונ דער וועלט־פאָליטיק קאָנצענטרירנ זיכ אומפארמייַדלעכ ארומ איינ צענטראלנ פונקט, נעמלעכ: ארומ דעמ קאמפ פונ דער אלוועלטלעכער בורזשואזיע קעגנ דער סאָוועטישער רוסלענדישער רעפובליק, וועלכע דארפ אומ־פארמייַדלעכ גרופירנ ארומ זיכ, פונ איינ זייַט — די סאָווע־טישע באוועגונגענ פונ די פאָרגעשריטענע ארבעטער פונ אלע לענדער, פונ דער צווייטער זייַט — אלע נאציאָנאלע באפרייַונג־באוועגונגענ פונ די קאָלאָניאלע און פונ די אונטערדריקטע פעלקערשאפטנ“ (לענינ).

אינעם פאל פון אזא אָנפאל מיצאַד די אימפּעריאַליסטי־שע מעלוכעס אפ פסםר און א מילכאָמע קעגן אים, דארף דער צווישנפעלקערלעכער פראָלעטאַריאַט ענטפערן מיט די סאַמע דרייסטע און אנטשיידנסטע מאסעווע ארויס־טרעטונגען און מיט א קאַמף פאַר אראָפּוואַרפן די אימפּע־ריאַליסטישע רעגירונגען, אונטערן לאָזונג פון דער דיק־טאטור פונעם פראָלעטאַריאַט און פון א פאַרבאַנד מיט פסםר.

אין די קאָלאָניעס, באַזונדערס אין די קאָלאָניעס פון דעם אימפּעריאַליסטישן לאַנד, וואָס פאַלט אָן אף פסםר, מוז מען אויסנוצן דאָס אָפּציִען די מיליטערישע קויכעס פונעם אימפּעריאַליזם, קעדיי אָנצווענדן דעם מאַקסימום אָנשטרענגונגען אף פאַנאַנדערוויקלען דעם אנטיאימפּעריאַ־ליסטישן קאַמף, און אָרגאַניזירן רעוואָליוציאָנערע ארויס־טרעטונגען מיטן צוועק אראָפּצוואַרפן דעם יאָך פונעם אימפּעריאַליזם און צו דעראָבערן פולע אומאָפּהענגיקייט.

די אנטוויקלונג פונעם סאָציאַליזם אין פסםר און דער וווּקס פון זײַן צווישנפעלקערלעכער ווירקונג איז ניט נאָר וואָס זיי מאָביליזירן קעגן אים דעם האַס פון די קאַ־פּיטאַליסטישע מעלוכעס און פון זייער סאָציאַל־דעמאָקראַ־טישער אגענטור, נאָר זיי דערוועקן אויך די גרעסטע סימ־פּאַטיעס צו אים מיצאַד די ברייטע אַרבעטנדיקע מאַסן פון גאָר דער וועלט, די גרייטקייט פון די אונטערדריקטע קלאַסן פון אַלע לענדער זיך צו שלאָגן מיט אַלע מיטלען פאַר דעם לאַנד פון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור אינעם פאַל פון אן אימפּעריאַליסטישן אָנפאַל.

די פאנאנדערוויקלונג פונ די ווידערשפרוכנ אינ דער מאָדער־
נער וועלט־ווירטשאפט, די אנטוויקלונג פונעמ אלגעמיינעמ
קאפיטאליסטישנ קריזיס, א מילכאָמע־אָנפאל פונ די אימ־
פעריאליסטנ אפנ סאָוועטנ־פארבאנד וועלנ אזוי ארומ אומ־
פארמײַדלעכ ברענגענ צו א מעכטיקנ רעוואָליוציאָנערנ
אופרײַס, וועלכער דארפ באגראָבנ דעמ קאפיטאליזמ אינ
א רײ אזויגערופענע ציוויליזירטע לענדער, פאנאנדערבינדנ
די זיגרײַכע רעוואָליוציע אינ די קאָלאָניעס, אינ א קאָלאָ־
סאלער מאָס פארברייטערנ די באזע פונ דער פראָלעטארי־
שער דיקטאטור אונ דערמיט גופע מאכנ א גיגאנטישנ
שריט פאָרויס אינ דער ריכטונג צומ ענדגילטיקנ אלוועלטלעכנ
זיג פונעמ סאָציאליזמ.

# VI. די סטראטעגיע אונ טאקטיק פונעמ קאָמוניסטישנ אינטערנאציאָנאל אינ קאמפ פאר דער דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט

## 1. די אידעאָלאָגיעס אינעמ ארבעטער-קלאס, וואָס זײַנען פײַנטלעכ דעמ קאָמוניזמ

אינ זײַנ קאמפ פאר דער דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט קעגנ דעמ קאפיטאליזמ שטויסט זיכ דער רעוואָליוציאָנער קאָמוניזמ אָנ אפ פילצאָליקע שטרעמונגענ אינעמ ארבעטער-קלאס—שטרעמונגענ, וואָס דריקנ אויס א גרעסערע אָדער א קלענערע שטופע פונ אידעאָלאָגישער אונטערגעוואָרפנקײַט פונעמ פראָלעטאריאט אונטער דער אימפעריאליסטישער בורזשואזיע אָדער זיי שפיגלענ אָפ דעמ אידעאָלאָגישנ דרוק אפ אימ מיצאד דער קליינ-בורזשואזיע אונ קליינבירגערטומ, וואָס בונטעוועט זיכ צײַטנווײַז קעגנ דעמ קייטנ-רעזשימ פונעמ פינאנצ-קאפיטאל, אָבער זיי זײַנענ ניט פײַק צו אנ אויסגעהאלטענער אונ וויסנשאפטלעכ-דורכגעטראכטער סטראטעגיע אונ טאקטיק פונ קאמפ,

ניט פייִק זיכצופירנ דעמ דאָזיקנ קאַמפ אפ אנ אָרגאַניזירטנ
אויפנ, אפנ יעסאָד פונ אַ שטרענגער דיסציפּלינ, וועלכע
איז אייגנטימלעכ פאַרנ פּראָלעטאַריאַט:

די גוואַלטיקע סאָציאַלע מאַכט פונ דער אימפּעריאַליס־
טישער מעלוכע, מיט אַלע אירע הילפּט־אַפּאַראַטנ — די
שול, די פּרעסע, דער טעאַטער, די קירכע—דריקט זיכ
פריִער פאַר אַלצ אויס אינ דער עקזיסטענצ פונ קאָנפעסיאָ־
נעלע אונ רעפאָרמיסטישע שטרעמונגענ אינ דער
סוויווע פונ אַרבעטער־קלאַס, וואָס זיי זײַנענ די הויפּט־
שטערונג אפנ וועג פונ דער סאָציאַליסטישער רעוואָליו־
ציע פונעמ פּראָלעטאַריאַט.

די קאָנפעסיאָנעלע, רעליגיעז־באַפאַרבטע ריכ־
טונגענ אינ דער סוויווע פונעמ אַרבעטער־קלאַס געפינענ
זייער אויסדרוק אינ די קאָנפעסיאָנעלע פּראָפעסיאָ־
נעלע פאַראייִנענ, וועלכע זײַנענ אָפטמאָל דירעקט
פאַרבונדנ מיט די געהעריקע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס פונ
דער בורזשואַזיע אונ וועלכע שליסנ זיכ אָנ אָנ דער אָדער
יענער קירכלעכער אָרגאַניזאַציע פונעמ הערשנדיקנ קלאַס
(די קאַטוילישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראייִנענ, די קריסטלעכע יוגנט־
פאַרבאַנדנ, די יידישע ציאָניסטישע אָרגאַניזאַציעס א. א. וו.).

די דאָזיקע אַלע שטרעמונגענ, זײַענדיק באַזונדערס אַ בולי־
טער פּראָדוקט פונ אידעאָלאָגישער געפאַנגענשאַפט,
אינ וועלכער עס געפינענ זיכ אייניקע שיכטנ פונעמ פּראָ־
לעטאַריאַט, טראָגנ אינ דער מערהייט פאַלנ אַ ראָמאַנ־
טיש־פעאָדאַלע באַאַרבונג. הייליקנדיק מיטנ הייליקנ וואַ־
סער פונ דער רעליגיע אַלע נעוואָלעס פונ קאַפּיטאַליסטישנ

רעזשים און טעראָריזירנדיק זייער געמיינדע מיט די געשפענסטער פונ שטראָף אפ יענער וועלט, זיינענ די אָנפירער פונ די דאָזיקע אָרגאניזאציעס די סאמע ר ע א ק צ י אָ נ ע ר ס ט ע אָטריאדנ פונעמ קלאסנ־פיינט אינעמ לאגער פונעמ פראָלעטאריאט.

א קאָמערציאָנעל־ציניש ע און וועלטלעכ־אימפעריאליסטישע פאָרמ פונ אונטערוואַרפנ דעמ פראָלעטאריאט אונטער דער אידעאָלאָגישער ווירקונג פונ דער בורזשואזיע איז דער מאָדערנער „ס אָ צ י א ל י ס ט י ש ע ר“ ר ע פ אָ ר מ י ז מ. אראָפּשרייבנדיק זיינע גרונט־געבאָטנ פונ די לוכעס פונ דער אימפעריאליסטישער פאָליטיק, האָט ער פאר זיכ בא דער איצטיקער צייט אלס מוסטער די באוווסטזיניק־אנטיסאָציאליסטישע און קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע „אמעריקאנישע ארבעט־פעדעראציע“. די „אידייישע“ דיקטאטור פונ דער אמעריקאנישער לאקייישער פראָפביוראָקראטיע, וועלכע דריקט אויס, פונ איר זייט, די „אידייישע“ דיקטאטור פונעמ אמעריקאנישנ דאָלער, איז דורכ דער פארמיטלונג פונעמ ענגלישנ רעפאָרמיזמ און פונ זיינע קעניגלעכע סאָציאליסטנ פונ דער ארבעטער־פארטיי געוואָרנ דער וויכטיקסטער באשטאנד־טייל פונ דער טעאָריע און פראקטיק פונ דער גאנצער צווישנפעלקערלעכער סאָציאל־דעמאָקראטיע און דער לידער פונעמ אמסטערדאמער אינטערנאציאָנאל. דערביי פארבנ צו די פירער פונ דער דייטשישער און עסטרייכישער סאָציאל־דעמאָקראטיע די דאָזיקע טעאָריעס מיט מארקסיסטישער פראזעאָלאָגיע, פארדעקנדיק דערמיט זייער פולשטענדיקנ פאראט קעגנ דעמ מארקסיזמ. דער „סאָציאליסטישער“ רעפאָר־

מיזמ, וועלכער איז דער הויפט־סוינע פונעמ רעוואָליוציאָנערנ קאָמוניזמ אינ דער ארבעטער־באוועגונג אונ וועלכער האָט א ברייטע אָרגאניזאציאָנעלע באזע אינ די סאָציאַל־דעמאָקראטישע פארטייענ אונ דורכ זיי אינ די רעפאָרמיסטישע פראָפעסיאָנעלע פאריינענ, ווייַזט זיכ ארויס, אינ זייַנ גאנצער פאָליטיק אונ אינ זייַנ טעאָרעטישער אייַנשטעלונג, ווי א קראפט, וועלכע איז געווענדעט קעגנ *דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע.*

אינעמ געביט פונ *אויסערלעכער פאָליטיק* האָבנ די סאָציאַל־דעמאָקראטישע פארטייענ, אונטער דער פאָנ פונ „באשיצנ דאָס פאָטערלאנד“, אקטיוו מיטגעהאָלפנ דער אימפעריאליסטישער מילכאָמע. די עקספאנסיע פונ דער קאפיטאליסטישער מעלוכע אונ די „קאָלאָניאלע פאָליטיק“ געפינענ אינ זיי פולשטענדיקע שטיצע; די אָריענטאציע אפנ קאָנטער־רעוואָליוציאָנערנ „הייליקנ בונד“ פונ די אימפעריאליסטישע מעלוכעס (אפ דער „פעלקער־ליגע“), דאָס פריידיקנ „אולטרא־אימפעריאליזמ“, די מאָביליזירונג פונ די מאסנ אונטער פאלש־פאציפיסטישע לאָזונגענ אונ אינ דער זעלביקער צייַט די אקטיווע שטיצע דעמ אימפעריאליזמ אינ זייַנע אָנפאלנ אפנ ססר אונ אינ זייַנ קומענדיקער מילכאָמע קעגנ ססר — אָט זייַנענ די גרונט־שטריכנ פונ דער אויסערלעכער פאָליטיק פונעמ רעפאָרמיזמ.

אינעמ געביט פונ *אינערלעכער פאָליטיק* האָט די סאָציאַל־דעמאָקראטיע געשטעלט פאר זיכ די אויפגאבע דירעקט מיטצווירקנ אונ אומיטלבאר העלפנ דעמ קאפיטאליסטישנ רעזשימ. פולע אונטערשטיצונג פאר דער קא־

פיטאליסטישער ראציאָנאליזאציע און פאר דער סטאביליזאציע פונעם קאפיטאליזם, זיכערן דעם קלאסן־שאָלעם, „שאָלעם אין דער אינדוסטריע״; א פאָליטיק פון אריינוווקס פון די ארבעטער־אָרגאניזאציעס אין די אָרגאניזאציעס פון די אונטערנעמער און פון דער רויבערישער אימפעריאליסטישער מעלוכע; די פראקטיק פון אזויגערופענער „ווירטשאפטלעכער דעמאָקראטיע״, וואָס אין דער ווירקלעכקייט איז דאָס א פראקטיק פון פולשטענדיקן אונטערווארפן זיך אונטערן טרעסטישן קאפיטאל; דאָס בוקן זיך פאר דער אימפעריאליסטישער מעלוכע און באזונדערס פאר אירע ליגנעריש־דעמאָקראטישע שילדן; די אקטיווע בוויונג פון די אָרגאנען פון דער דאָזיקער מעלוכע: פון איר פאָליציי, ארמיי, זשאנדאדמעריע, פון איר קלאסן־געריכט; דאָס באשיצן די דאָזיקע מעלוכע פון יעטווידער אטענטאט מיצאד דעם רעוואָליוציאָנערן קאָמוניסטישן פראָלעטאריאט און די הענקערישע ראָל פון דער סאָציאל־דעמאָקראטיע אין דער צייט פון רעוואָליוציאָנערע קריזיסן,—אָט דאָס איז די ליניע פון דער אינערלעכער פאָליטיק פונעם רעפאָרמיזם. סימולירנדיק א פראָפעסיאָנעלן קאמפ, שטעלט פאר זיך דער רעפאָרמיזם אלס הויפט־אופגאבע אויך אין דעם דאָזיקן געביט אזוי צו פירן דעם דאָזיקן קאמפ, אז דאָס זאָל גאראנטירן דעם קאפיטאליסטישן קלאס קעגן אלע און אלערליי אופטרייסלונגען און אלנפאלס זאָל עס זיכערן די פולע אומבארירלעכקייט פון די יעסוידעס פון קאפיטאליסטישן אייגנטום.

אינעם געביט פון טעאָריע האָט די סאָציאל־דעמאָקראטיע פאראטן דעם מארקסיזם פולשטענדיק און אינגאנצן,

דורכגייענדיק דורכנ רעוויזיאָניסטישנ עטאפּ צו א פאַרענדיק־
טער ליבעראל־בורזשואזער רעפאָרמאטערישקייט אונ צו אָפּע־
נעמ סאָציאל־אימפּעריאליזמ; מארקס לערע וועגנ די ווידער־
שפּרוכנ פונעמ קאפּיטאליזמ האָט זי פאַרביטנ אפ דער בור־
זשואזער לערע וועגנ זײַנ הארמאָנישער אנטוויקלונג; די
לערע וועגנ קריזיסנ אונ וועגנ דער פאַראָרעמונג פונ פּראָ־
לעטאריאט האָט זי אָפּגעגעבנ אינ ארכיוו; די גרויזאמע אונ
פלאמיקע טעאָריע פונ קלאסנ־קאמפּ האָט זי פאַרוואנדלט
אינ א וולגארער דראָשע וועגנ קלאסנ־שאָלעמ; די לע־
רע וועגנ דער פאַרשארפונג פונ די קלאסנ־ווידערשפּרוכנ
האָט זי פאַרביטנ אפ דער באלעבאטישער באָבע־מײַסע וועגנ
דער „דעמאָקראטיזירונג” פונעמ קאפּיטאל; אפנ אָרט פונ
דער טעאָריע פונ מילכאָמעס, וואָס זײַנענ אומפאַרמײַדלעכ
באמ קאפּיטאליזמ, האָט זי אוועקגעשטעלט די בורזשואזע
פאציפיסטישע אָפּנארערײַ אונ די ליגנערישע דראָשעס פונ
„אולטרא־אימפּעריאליזמ”; די טעאָריע פונ רעוואָלוציאָנערנ
קראכ פונעמ קאפּיטאליזמ האָט זי צעביטנ אפ דער פאלשער
מאטבייע פונ „געזונטנ” קאפּיטאליזמ, וואָס פאַרוואנדלט זיכ
פרידלעכ אינ סאָציאליזמ; די רעוואָליוציע האָט זי פאַרביטנ
אפ עוואָליוציע; די צעשטערונג פונ דער בורזשואזער מע־
לוכע — אפ אנ אקטיווער בויונג אירער; די לערע וועגנ דער
פּראָלעטארישער דיקטאטור — אפ דער טעאָריע פונ קאָאליציע
מיט דער בורזשואזיע; די לערע וועגנ דער אינטערנאציאָ־
נאלער פּראָלעטארישער סאָלידארישקייט — אפ דער לערע
וועגנ באשיצנ די אימפּעריאליסטישע פאָטערלענדער; מארקס
דיאלעקטישנ מאטעריאליזמ — אפ דער אידעאליסטישער פי־

לאָזאָפֿנע און אפּ קאָקעטירן מיט די רעליגיִעזע אָפּפֿאלן פֿון דער בורזשואַזיע.

אינעווייניק אין דעם זעלביקן סאָציִאל־דעמאָקראטישן רעפֿאָרמיזם טיילט זיך אויס א ריי ריכטונגען, וועלכע זײַנען באזונדערס כאראקטעריסטיש פֿונעם שטאנדפּונקט פֿון דער בורזשואזער דעגענערירונג פֿון דער סאָציִאל־דעמאָקראטיע.

דער „קאָנסטרוקטיווער סאָציִאליזם" (מאקדאָנאלד און קאָמפּ),—וועלכער טראָגט שוין אין זײַן נאָמען גופֿע די אידייע פֿון קאמף קעגן דער רעוואָליוציע פֿונעם פּראָלעטאריִאט און פֿון פּאָזיטיווער באציִונג צו דער קאפּיטאליסטישער אָרדענונג, זעצט פֿאָר די ליבעראל־פֿילאנטראָפּישע אנטירעוואָליוציִאָנערע און בורזשואַזע טראדיציעס פֿון די פֿאביאנער (די פֿאָר פֿאָלק וועבס, ב. שאָו, לאָרד אָליווער א. א. וו.). פּרינציפּיעל אָפּלייקענענדיק די דיקטאטור פֿונעם פּראָלעטאריאט און די גוואלט־מיטלען פֿון קאמף קעגן דער בורזשואַזיע, שטיצט ער דעם גוואלטאט קעגן דעם פּראָלעטאריִאט און קעגן די קאָלאָניִאַלע פֿעלקער. זײַענדיק אן אפּאָלאָגעט פֿון דער קאפּיטאליסטישער מעלוכע, פֿריידיקנדיק, אונטערן אָנשטעל פֿון סאָציִאליזם, דעם מעלוכישן קאפּיטאליזם, דערקלערנדיק—צוזאמען מיט די סאמע וווּלגארע אידעאָלאָגן פֿונעם אימפּעריִאליזם אין ביידע טיילן פֿון ערד־קײַלעך—די טעאָריע פֿון קלאסנקאמף פֿאר א „פּאָרווי?נשאפטלעכער" טעאָריע, פּריידיקט „דער קאָנסטרוקטיווער סאָציִאליזם" אפֿן וואָרט א מעסיקע פּראָגראם פֿון נאציִאָנאליזאציע מיט אויסקויף־געלט, שטײַער

אַף דער ערד־רענטע, שטײַער אַף יערושעס און די באַשטײַערונג פון דעם איבער־רעווען, אַלס מיטל צו פארניכטן דעם קאַפּיטאַליזם. זײַענדיק אַן אַנטשיידענער קעגנער פון דער דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט אין סססר, איז דער „קאָנסטרוקטיווער סאָציאַליזם" אין פּוילן בונד מיט דער בורזשואַזיע אַן אַקטיווער סוינע פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג פונעם פּראָלעטאַריאַט און פון די קאָלאָניאַלע רעוואָליוציעס.

א באַזונדער מין „קאָנסטרוקטיווער סאָציאַליזם" איז דער „קאָאָפּעראַטיזם", אָדער דער „קאָאָפּעראַטיווער סאָציאַליזם" (שאַרל זשיד, טאָטאָמיאַנץ און קאָמפּ), וועלכער וואַרפט אויך אַנטשיידן אָפּ דעם קלאַסנקאַמף און פּראָפּאַגאַנדירט די קאָאָפּעראַטיווע אָרגאַניזירונג פון די געבורויכער, ווי אַ מיטל אַף אַ פרידלעכן אויפן בײַצוקומען דעם קאַפּיטאַליזם; אינדערעמעסן אָבער ווירקט ער מיט אַלע מעגלעכקײַטן מיט אים צו פאַרפעסטיקן. דער „קאָאָפּעראַטיזם", וועלכער פאַרמאָגט אינעם געשטאַלט פון די מאַסן־אָרגאַניזאַציעס פון דער געברויכ־קאָאָפּעראַציע אַ ברייטן פּראָפּאַגאַנדיסטן־אַפּאַראַט פאַר דער אַלטעגלעכער סיסטעמאַטישער אויפווירקונג אַף די ברייטע מאַסן, פירט אַ פאַרביטערטן קאַמף קעגן דער רעוואָליוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג, שטערט צו פאַרווירקלעכן אירע ציִלן און איז איצט איינער פון די אַקטיווסטע פאַקטערן אינעם לאַגער פון דער רעפאָרמיסטישער קאָנטררעוואָליוציע.

דער אויסגערופענער „גילדיען־סאָציאַליזם" (פּענטי, אָראַזש, גאָבסאָן א. א.) איז אַן עקלעקטישער פּרווו

צו פאַרייניקן דעם „רעוואָליוציאָנערן“ סינדיקאַליזם מיט
דער בורזשואַז־ליבעראַלער פּאַביאַנישקייט, די אַנאַרכיסטישע
דעצענטראַליזירונג („נאַציאָנאַלע אינדוסטריעלע גילדיע“)
מיט דער מעלוכיש־קאַפּיטאַליסטישער צענטראַליזאַציע, די
צעכישע האַנטווערקערישע באַגרענעצטקייט פון מיטלאַלטער
מיט'ן מאָדערנעם קאַפּיטאַליזם. אַרויסגייענדיק פון דער
דעקלאַראַטיווער פאָדערונג צו פאַרניכטן די „סיסטעם פון
אַרבעט־לוין“ אַלס „אומאָראַלישן“ אינסטיטוט, וועלכער
דאַרף אָפּגעשאַפן ווערן דורכן אַרבעטער־קאָנטראָל איבער
דער אינדוסטריע, מיידט אויס די גילדיע־סאָציאַליזם אינ־
גאַנצן די וויכטיקסטע פראַגע, די פראַגע וועגן מאַכט.
שטרעבנדיק צו פאַרייניקן די אַרבעטער, די אינטע־
ליגענטן און טעכניקער אין אַ פעדעראַציע פון נאַציאָ־
נאַל־אינדוסטריעלע „גילדיעס“ און פאַרוואַנדלען די דאָזיקע
גילדיעס אָפּ אַ פרידלעכן אופן („קאָנטראָל פון אינעווייניק“)
אין אָרגאַנען צו פאַרוואַלטן מיט דער אינדוסטריע אין די ראַ־
מען פון דער בורזשואַזער מעלוכע, פאַרטיידיקט דער גיל־
דיע־סאָציאַליזם אין דערווירקלעכקייט די דאָזיקע מעלוכע,
פאַרטושירט איר קלאַסעווע אימפּעריאַליסטישן, אַנטיפּראָלעטאַ־
רישן כאַראַקטער און טיילט אויס פאַר איר אַן אָרט פון
אַן „איבערקלאַסעווע“ פאָרשטייער פון די אינטערעסן פון
די „געברויכער“, אַלס קעגנגעוויכט קעגן די „פּראָדוצירער“,
וועלכע זיינען אָרגאַניזירט אין גילדיעס. מיט זיין פריידיקן
„פונקציאָנעלע דעמאָקראַטיע“, דאָס הייסט, אַ פאָרשטייער־
שאַפט פון די קלאַסן פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעל־
שאַפט, וועלכע ווערן אויסגעמאָלט, ווי פּראָפעסיעס מיט

זייערע באזונדערע געזעלשאפטלעך־פראָדוצירערישע פונקציעס, מאכט דער גילדיע־סאָציאַליזם א וועג פאר דער „קאָרפּאָראטיווער מעלוכע" פון פאשיזם. אָפּלייקענענדיק דעם פארלאמענטאריזם און גלײַכצײַטיק אָפּלייקענענדיק דעם „דירעקטן טאט", פארורטיילט די מערהײַט גילדיע־סאָציאַליסטן דעם ארבעטער־קלאס אף פולער אומטעטיקײַט און אף פאסיוון אונטערוואַרפן זיך דער בורזשואזיע. אזוי ארום איז ער אן אייגנארטיקער טרעדיוניאָניסטישער אוטאָפּישער אָפּאָרטוניזם, און, אלס אזעלכער, קאָן ער ניט ניט שפּילן אן אנטירעוואָליוציאָנערע ראָל.

א באזונדער פאָרם פונעם סאָציאַל־דעמאָקראטישן רעפאָרמיזם איז, ענדלעך, דער אווסטראָ־מארקסיזם. אלס באשטאנד־טייל פונעם „לינקן" פליגל פון דער סאָציאַל־דעמאָקראטיע, שטעלט פאָר מיט זיך, דער אווסטראָ־מארקסיזם, די קונציקסטע פאָרם אף אָפּצונארן די מאסן. פראָסטיטויִרנדיק די מארקסיסטישע טערמינאָלאָגיע און אין דער זעלביקער צײַט אנטשיידן איבערײַסנדיק מיט די יעסוידעס פונעם רעוואָליוציאָנערן מארקסיזם (קאנטיאנישקײַט, מאכיזם א. א. וו. פון די אווסטראָ־מארקסיסטן אינעם געביט פון פילאָזאָפיע), קאָקעטירנדיק מיט דער רעליגיע, אראָפּשרײַבנדיק בא די ענגלישע רעפאָרמיסטן די טעאָריע פון „פונקציאָנאלער דעמאָקראטיע", שטייענדיק אפן שטאנדפונקט פון „בויען די רעפובליק", דאָס הייסט בויען די בורזשואזע מעלוכע, רעקאָמענדירט דער אווסטראָ־מארקסיזם „די קאָאָפּעראציע פון די קלאסן" אין פעריאָדן פון דעם אזוי־גערופענעם „גלײַכגעוויכט פון די קלאסן־קויכעס", דאָס

הייסט, גראָד דעמלט, ווענ עס ווערט צײַטיק א רעוואָליוציאָנערער קריזיס. די דאָזיקע טעאָריע באדײַט א בארעכטיקונג פאר דער קאָאליציע מיט דער בורזשואזיע אפ אראָפצוווארפנ די פראָלעטארישע רעוואָליוציע, אונטער דער מאסקע פונ באשיצנ די „דעמאָקראטיע" קעגנ אנ אָנפאל מיצאד דער רעאקציע. אָביעקטיוו אונ אינ דער פראקטיק ווערט דער גוואלדטאט, וועלכנ דער אווסטראָ-מארקסיזם דערלאָזט אינ פאל פונ אנ אָנפאל מיצאד דער רעאקציע, פארוואנדלט אינ א גוואלדטאט פונ דער רעאקציע קעגנ דער רעוואָליוציע פונעם פראָלעטאריאט. די „פונקציאָנאלע ראָלע" פונעם אווסטראָ-מארקסיזם באשטייט אינ אָפנארנ די ארבעטער, וועלכע גייענ שוינ צום קאָמוניזם, אונ דעריבער איז דער אווסטראָ-מארקסיזם א באזונדערס געפערלעכער סוינע פונעם פראָלעטאריאט, א מער געפערלעכער, איידער די אָפענע אָנהענגער פונ גאזלאָנישנ סאָציאל-אימפעריאליזם.

אויב די אלע שטרעמונגענ, וועלכע זײַנענ באשטאנד-טיילנ פונעם „סאָציאליסטישנ" רעפאָרמיזם, זײַנענ אנ אגענטור פונ דער אימפעריאליסטישער בורזשואזיע אינעם ארבעטער-קלאס, איז פונ דער צווייטער זײַט, שטויסט זיכ צונויפ דער קאָמוניזם מיט א ריי קליינבירגערלעכע שטרעמונגענ, וועלכע שפיגלענ אָפ אונ דריקנ אויס די וואקלונג פונ די ניט-שטאנדהאפטיקע געזעלשאפטלעכע שיכטנ (די שטאָטישע קליינ-בורזשואזיע, דער דעגענערירנדיקער שטאָטישער באלעבאָס, דער לומפנ-פראָלעטאריאט, די דעקלאסירטע אינטעליגענטישע באָהעמע, די בעדאלעסווערנדיקע האנטווערקער, אייניקע שיכטנ פונעם פויערטום א. א. וו. א. ד. גל.). די דאָזיקע

שטרעמונגען אונטערשיידן זיך מיט זייער עקסטער פּאָליטישער ניט־שטאנדהאפטיקייַט, זיי פארדעקן ניט־זעלטן מיט לינקער פראזעאָלאָגיע א רעכטע פּאָליטיק, אָדער זיי פאלן ארייַן אין אוואנטיוריזם, פארבייַטנדיק דעם אָביעקטיוון דיסקאָנט פון די קויכעס מיט דער שרייַענדיקער פּאָליטישער זשעסטיקולאציע, אריבערגייענדיק ניט זעלטן פון אומגלויבלעכער רעוואָליוציאָנערער גייַווע צו טיפסטן פעסימיזם און ווירקלעכער קאפּיטוליאציע פארן סוינע. בא אייניקע באדינגונגען, באזונדערס בא שארפע ענדערונגען אין דער פּאָליטישער סיטואציע און בא דער נויטווענדיקייַט פון א צייַטווייַליקן צוריקטריט, קאָנען די דאָזיקע שטרעמונגען ווערן די געפערלעכסטע דעזאָרגאניזאטערס פון די פּראָלעטארישע רייען און דערמיט גופע א טאָרמאָז פאר דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג פונעם פּראָלעטאריאט.

דער *אנארכיזם*, וועמענס אָנגעזעענסטע פאָרשטייער (קראָפּאָטקין, זשאן גראוו א. א.) זייַנען בייַס דער מילכאָמע 1914—1918 יאָרן פארעטעריש אריבער אפ דער זייַט פון דער אימפּעריאַליסטישער בורזשואזיע, לייקנט אָפּ די נויטווענדיקייַט פון ברייטע, צענטראליזירטע און דיסציפּלינירטע אָרגאניזאציעס פונעם פּראָלעטאריאט, און דערמיט גופע לאָזט ער אים מאכטלאָז קעגן די מעכטיקע אָרגאניזאציעס פונעם קאפּיטאל. פּריידיקנדיק אינדיווידועלן טעראָר, ציט ער אָפּ דעם פּראָלעטאריאט פון די מעטאָדן פון מאסן־אָרגאניזאציע און מאסן־קאמף. אָפּלייקענענדיק די דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאט אינעם נאָמען פון אבסטראקטער „פרייַהייַט“, נעמט אָפּ דער אנארכיזם באם פּראָלעטאריאט דאָס

וויכטיקסטע און שאַרפסטע געווער קעגן דער בורזשואַזיע, קעגן אירע אַרמייען, קעגן אירע רעפּרעסיווע אָרגאַנען. זייענדיק ווייט פון וועלכער עס איז מאַסן־באַוועגונג אין די וויכטיקסטע צענטערן פון פּראָלעטאַרישן קאַמף, ווערט דער אַנאַרכיזם אַלץ מער פאַרוואַנדלט אין אַ סעקטע, וואָס מיט איר גאַנצער טאַקטיק און מיט אַלע אירע אַרויסטרעטונגען, דערונטער אויך מיט די אַרויסטרעטונגען קעגן דער דיקטאַטור פונעם אַרבעטער־קלאַס אין ㄈססר, שליסט זי זיך אָביעקטיוו איין אין דעם איינהייטלעכן פראָנט פון די אַנטי־רעוואָלוציאָנערע קויכעס.

דער „רעוואָלוציאָנערער" סינדיקאַליזם, וואָס פיל אידעאָלאָגן זיינען בעשאַס דעם סאַמע קריטישן מילכאָמע־פּעריאָד אַריבער אין דעם לאַגער פון די „אַנטי־פּאַרלאַמענטישע" קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן פון פאַשיסטישן טיפּ אָדער זיי האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין פרידלעכע רע־פאָרמיסטן לויטן סאָציאַל־דעמאָקראַטישן מוסטער, איז פונקט ווי דער אַנאַרכיזם, דערמיט, וואָס ער לייקנט אָפּ דעם פּאָליטישן קאַמף (ביפּראַט דעם רעוואָלוציאָנערן פּאַרלאַמענטאַריזם) און די רעוואָלוציאָנערע דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט, דערמיט וואָס ער פּריידיקט צעכישן צענטראַליזם אין דער אַרבעטער־באַוועגונג ביכלאַל, אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג ביפּראַט, דערמיט וואָס ער לייקנט אָפּ די פּאַרטיי פון פּראָלעטאַריאַט, דערמיט וואָס ער לייקנט אָפּ די נייטיקייט פון אַן אופשטאַנד און שאַצט איבער דעם אַלגעמיינעם שטרייק („די טאַקטיק פון צונויפ־געלייגטע הענט") שטערט ער די רעוואָלוציאָניזירונג פון די

ארבעטער־מאסן אומעטום, ווו ער האָט א וועלכע ס'איז ווירקונג. זײַנע אָנפאלן אפן פססר, וועלכע זײַנען פארבונדן מיט אָפּלייקענען די פּראָלעטארישע דיקטאטור ביכלאל, שטעלן אים אין דער הינזיכט אפ איין ברעט מיט דער סאָציִאל־דעמאָקראטיע.

די אלע שטרעמונגען און ריכטונגען גייען זיך צונויף מיט דער *סאָציִאל־דעמאָקראטיע*, אָט דעם הויפּט־סוינע פון דער פּראָלעטארישער רעוואָלוציע, אין דער גרונט־פראגע פון דער פּאָליטיק, *אין דער פראגע וועגן דער דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאט*. דעריבער טרעטן זיי אלע ארויס מער אָדער ווייניקער באשטימט אין איין פראָנט מיט דער סאָציִאל־דעמאָקראטיע קעגן פ.ס.ס.ר. פון דער אנדער זײַט שטיצט זיך די סאָציִאל־דעמאָקראטיע, וועלכע האָט אינגאנצן און פולשטענדיק פארראטן דעם מארקסיזם, אלץ מער און מער אפ דער אידעאָלאָגיע פון די פאביִאנער, פון די קאָנסטרוקטיווע און גילדיישע סאָציִאליסטן. די דאָזיקע שטרעמונגען פארוואנדלען זיך אין אן אָפיציִעלער ליבעראל־רעפאָרמיסטישער אידעאָלאָגיע פון בורזשואזן „סאָציִאליזם“ פון 2־טן אינטערנאציִאָנאל.

*אין די קאָלאָניִאלע לענדער* און צווישן די אונטערדריקטע פעלקער און ראסן שטויסט זיך ביכלאל דער קאָמוניזם צונויף אין דער ארבעטער־באוועגונג מיט דער ווירקונג פון אייגנארטיקע שטרעמונגען, וועלכע האָבן אין א געוויסער אנטוויקלונג־פאזע געשפּילט א באשטימטע פּאָזיטיווע ראָל, וועלכע ווערן אָבער א רעאקציִאָנערע קראפט אפן נײַעם אנטוויקלונג־עטאפּ.

*דער סון־יאט־סעניזם* אין כינע איז אן אידעאָלאָ־

גיע פונ קלײנבירגערלעכנ, פאָלקיסטישנ „סאָציאַליזם". אינ
דער לערע װעגנ די „דרײַ פרינציפנ" (נאַציאָנאַליזם, דע־
מאָקראַטיע, סאָציאַליזם) האָט דער באגריפ פאָלק צוגעדעקט
אונ באהאלטנ דעמ באגריפ קלאסנ, דער סאָציאַליזמ איז
פאָרגעשטעלט געװענ ניט װי א ספּעציפישער אונ באזונ־
דערער פּראָדוציר־אופנ, װעלכער װערט פארװירקלעכט
דורכ א באזונדערנ קלאסנ־טרעגער, דורכנ פראָלעטאריאט,
נאָר װי אנ אומבאשטימטער געזעלשאפטלעכער װוילשטאנד;
דער קאמפ קעגנ אימפּעריאַליזמ איז ניט פארבונדנ געװענ
מיט די אנטװיקלונג־פּערספּעקטיװ פונעמ קלאסנ־קאמפ
אינעװײניק אינ לאנד. דעריבער האָט דער סונ־יאט־סעניזם,
נאָכ דעמ, װי ער האָט אפ דער ערשטער סטאדיע פונ דער
כינעזישער רעװאָליוציע אָפגעשפּילט א גװאלטיקע פּאָזי־
טיװע ראָל, אינ רעזולטאט פונ דער װײַטערדיקער קלאסנ־
דיפערענצירונג פונעמ לאנד אונ פונעמ װײַטערדיקנ גאנג
פונ דער כינעזישער רעװאָליוציע, האָט ער זיכ פונ אנ
אידעאָלאָגישער פאָרמ פונ איר אנטװיקלונג פארװאנדלט
אינ קײטנ פאר דער דאָזיקער אנטװיקלונג. די עפּיגאָנענ
פונעמ סונ־יאט־סעניזמ בלאָזנ מיט אלע קױכעס פאנאנדער
גראָד די אידעאָלאָגישע שטריכנ זײַנע, װעלכע זײַנענ אָביעק־
טיװ געװאָרנ רעאקציאָנער, אונ דערמיט גופע האָבנ זײ זי
פארװאנדלט אינ אנ אָפיציעלער אידעאָלאָגיע פונעמ גאָמינ־
דאנ, װעלכער איז געװאָרנ אנ אָפענע קאָנטער־רעװאָליוציאָ־
נערע קראפט. דער אידעאָלאָגישער װוקס פונ די מאסנ
פונעמ כינעזישנ פּראָלעטאריאט אונ ארבעטנדיקנ פּױערטומ
דארפ, אלזאָ, באגלײט װערנ מיט אנ אנטשײדנעמ קאמפ

קעגן דער גאָמינדאַנישער אָפּנאַרעריַי און מיט בײַקומען די רעשטן פון דער אידעאָלאָגיע פונעם סון-יאַט־סעניזם.

אזעלכע שטרעמונגען, ווי דער גאַנדיזם אין אינדיע, וועלכע זײַנען אפּ דורך און דורך דורכגעדרונגען מיט רע־ליגיעזע פאָרשטעלונגען, וועלכע אידעאַליזירן די סאַמע אָפּ־געשטאַנענע און עקאָנאָמיש־רעאַקציאָנערע שטייגער־פאָרמען, וועלכע זעען אַן אויסוועג ניט אין פּראָלעטאַרישן סאָציאַ־ליזם, נאָר אין אומקערן זיך צו די דאָזיקע אָפּגעשטאַנענע פאָרמען, וועלכע פּריידיקן פּאַסיווקײַט און אָפּלייקענונג פונעם קלאַסן־קאַמף, ווערן אינעם אַנטוויקלונג־פּראָצעס פון דער רעוואָלוציע פאַרוואַנדלט אין אַן אָפּן רעאַקציאָנערער קראַפט. דער גאַנדיזם ווערט אַלץ מער אַן אידעאָלאָגיע, וואָס איז געווענדעט קעגן דער רעוואָלוציע פון די פאָלק־מאַסן. ער דאַרף זײַן אַן אָביעקט פון אַנטשיידענעם קאַמף מיצאַד דעם קאָמוניזם.

דער גאַרוויזם, וואָס איז פריער געווען אַן אידעאָלאָ־גיע פון די נעגערישע קליינע אייגנטימער און ארבעטער אין אַמעריקע, וועלכער האָט נאָך איצט אויך אַ געוויסע ווירקונג אף די נעגערישע מאַסן, איז אויך געוואָרן איצט אַ שטערונג אפן וועג פון רעוואָלוציאָניזירן די דאָזיקע מאַסן. ארויסטרעטנדיק צוערשט פאַר דער פולער געזעל־שאַפטלעכער גלײַכבארעכטיקונג פון די נעגערס, האָט ער זיך פאַרוואַנדלט אין אַן אייגנאַרטיקן נעגערישן „ציאָניזם", וואָס אָנשטאָט דעם קאַמף קעגן דעם אַמעריקאַנישן אימ־פּעריאַליזם, האָט ער ארויסגעשטעלט אַ לאָזונג: „צוריק קײַן אַפריקע!". די דאָזיקע געפערלעכע אידעאָלאָגיע, וועל־

כע האָט ניט קיין שום עכט דעמאָקראַטישע שטריכן,
וועלכע כיינדלט זיך מיט אריסטאָקראַטישע אטריבוטן פון
א ניט-עקזיסטירנדיקער „נעגרישער קעניגרײַך“, דארף בא־
געגענען א הארבן ווידערשטאנד, וואָרעם ניט זי העלפט,
נאָר, פארקערט, זי שטערט דעם מאסעווען באפרײַונג־קאמף
פון די נעגערס קעגן דעם אמעריקאנישן אימפעריאַליזם.
קעגן די אַלע שטרעמונגען שטייט דער פּראָלעטא־
רישער קאָמוניזם. אַלס גרויסע אידעאָלאָגיע פונעם
אינטערנאציאָנאַלן רעוואָליוציאָנערן ארבעטער־קלאס, אונ־
טערשיידט ער זיך פון די אַלע שטרעמונגען, און אין דער
ערשטער ריי פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, דערמיט,
וואָס אין פולן הסכּם מיט מארקס-ענגעלס לערע, פירט
ער א טעאָרעטישן און פּראַקטישן רעוואָליוציאָ־
נערן קאמף פאר דער דיקטאַטור פונעם פּראָ־
לעטאַריאַט, אָנווענדנדיק דערבײַ אַלע פאָר־
מען פונעם פּראָלעטאַרישן מאסן-טאַט.

## 2. די גרונט-אויפגאבן פון דער קאָמוניסטישער סטראַטעגיע און טאַקטיק

דער דערפאָלגרײַכער קאמף פונעם קאָמוניסטישן אינ־
טערנאציאָנאַל פאר דער דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט זעט
פאָרויס די אָנוועזנהײַט פון א צוזאמענגעשלאָסענער, אין
שלאַכטן פארהאַרטעוועטער, דיסציפּלינירטער, צענטראַליזיר־
טער, מיט די מאסן ענג פארבונדענער קאָמוניסטישער פּארטיי
אין יעטווידער לאנד.

די פארטיי איז דער אוואנגארד פונעם ארבעטער־קלאס, וועלכע באשטייט פונ די בעסטע, פונ די סאמע באוווסטזיניקע, אקטיווע אונ מוטיקע מיטגלידער פונעם קלאס. זי פארקערפערט די סאכאקל־דערפארונג פונעם גאנג פונ פראלעטארישנ קאמפ. שטיצנדיק זיכ אפ דער רעוואליוציאנערער טעאריע פונעם מארקסיזמ, פארשטעלנדיק מיט זיכ די אלגעמיינע אונ דויערנדיקע אינטערעסנ פונעם קלאס אינגאנצנ גענומענ, פארקערפערט די פארטיי די איינהייט פונ די פראלעטארישע פרינציפנ, פונעם פראלעטארישנ ווילנ, פונעם פראלעטארישנ רעוואליוציאנערנ טאט. זי שטעלט פאר מיט זיכ א רעוואליוציאנערע ארגאניזאציע, וועלכע איז געבונדנ מיט אנ אייזערנער דיסציפלינ אונ מיט דער שטרענגסטער רעוואליוציאנערער ארדענונג פונ דעמאקראטישנ צענטראליזמ, וואס דאס ווערט דערגרייכט דורכ דער באוווסטזיניקייט פונעם פראלעטארישנ אוואנגארד אונ דורכ זיינ איבערגעגעבנקייט צו דער רעוואליוציע, דורכ זיינ קענענ זיינ ענג פארבונדנ מיט די פראלעטארישע מאסנ, דורכ דער ריכטיקייט פונ דער פראלעטארישער אנפירונג, וועלכע ווערט קאנטראלירט אונ אופגעקלערט אפ דער דערפארונג פונ די מאסנ גופע.

קעדיי צו לייזנ די היסטארישע אופגאבנ פונ דעראבערנ די פראלעטארישע דיקטאטור, דארפ די קאמוניסטישע פארטיי אפריער אוועקשטעלנ אונ אויספילנ די פאלגנדיקע גרונט־לעכע סטראטעגישע צילנ.

געווינענ אונטער איר איינפלוס די מערהייט מיט־גלידער פונ איר אייגענעמ קלאס, דערונטער

אויכ די פרויענ־ארבעטערנס אונ די ארבעטער־יוגנט. קעדיי צו דערגרייכנ דאָס, מוז מענ זיכערנ די אנטשיידענע ווירקונג פונ דער קאָמפארטיי אפ די ברייטע מאסנ־אָרגאניזאציעס פונעמ פראָלעטאריאט (סאָוועטנ, פראָפאריינענ, פאבזאווקאָמענ, קאָאָפעראטיוונ, ספאָרטיווע, קולטורעלע אָרגאניזאציעס א.א.וו.). א באזונדערס וויכטיקע באדײַטונג פונעמ שטאנדפונקט פונ געווינענ די מערהײַט פונעמ פראָלעטאריאט האָט דאָס באהערשנ די פראָפאריינענ, די דאָזיקע ווירקלעכ־מאסעווע אָרגאניזאציעס פונעמ ארבעטער־קלאס, וועלכע זײַנענ פארבונדנ מיט זײַנ טאָג־טעגלעכנ קאמפ. די ארבעט אינ די רעאקציאָנערע פראָפאריינענ אונ דאָס געניטע באהערשנ זיי, דאָס געווינענ דעמ צוטרוי פונ די ברייטע פראָפעסיאָנעל־אָרגאניזירטע מאסנ, דאָס אראָפזעצנ אונ „אראָפנעמענ פונ די פאָסטנס" די רעפאָרמיסטישע פירער, איז איינע פונ די וויכטיקסטע אופגאבנ פארנ צוגרייטונג־פעריאָד.

דאָס דעראָבערנ די דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט זעט פאָרויס אויכ דאָס פארווירקלעכנ די העגעמאָניע פונעמ פראָלעטאריאט איבער די ברייטע קרײַזנ ארבעטנדיקע מאסנ. קעדיי דאָס צו פארווירקלעכנ, דארפ די קאָמפארטיי געווינענ אונטער איר ווירקונג די מאסנ שטאָטישע אונ דאָרפישע אָרעמקײַט, די נידעריקסטע שיכטנ פונ דער אינטעליגענצ, די אזויגערופענע „קליינע מענטשנ", דאָס הייסט, די קליינבירגערלעכע שיכטנ ביכלאל. א באזונדערס גרויסע באדײַטונג האָט די ארבעט אפ צו·זיכערנ די ווירקונג פונ דער פארטיי צווישנ

דעמ פויערטומ. די קאָמפּארטיי דארפ זיכ באוואָרענענ
מיט דער פולער שטיצע פונ די דאָרפישע שיכטנ, וועלכע
שטייענ אמ נאָענטסטנ צומ פּראָלעטאריאט, נעמלעכ, פונ די
לאנדווירטשאפטלעכע ארבעטער און פונ דער דאָרפישער
אָרעמקייט. דערצו איז נייטיק ספּעציעל אָרגאניזירנ דאָס
באטראקנטומ, מיט אלע מעגלעכקייטנ שטיצנ עס אינ זיינ
קאמפ מיט דער דאָרפישער בורזשואזיע און פירנ אנ
ענערגישע ארבעט צווישנ דעמ פארצעלארנ און קליינעמ
פויערטומ. אינ באצוג צו די מיטעלע שיכטנ פונעמ פויער-
טומ דארפ די פארטיי (אפ וויפל עס רעדט זיכ וועגנ די
לענדער פונעמ אנטוויקלטנ קאפּיטאליזמ) דורכפירנ א פּאָליטיק
פונ נייטראליזירנ זיי. די לייזונג פונ די דאָזיקע אלע אופגאבנ
דורכנ פּראָלעטאריאט, וועלכער ווערט דער טרעגער פונ די אינ-
טערעסנ פונעמ גאנצנ פאָלק און דער אָנפירער פונ די ברייט-
סטע פאָלקס-מאסנ אינ זייער קאמפ קעגנ דעמ יאָכ פונעמ פי-
נאנצ-קאפּיטאל, איז אנ אָבליגאטערישע פאָרהאנאָכע פאר
דער זיגרייכער קאָמוניסטישער רעוואָליוציע.
פונעמ שטאנדפּונקט פונעמ אלוועלטלעכנ פּראָלעטארישנ
קאמפ זיינענ די אופגאבנ פונ רעוואָליוציאָנערנ קאמפ אינ
די קאָלאָניעס, האלבע קאָלאָניעס און אָפּהענ-
גיקע לענדער — די וויכטיקסטע סטראטעגישע אופגאבע
פונעמ קאָמוניסטישנ אינטערנאציאָנאל. דער דאָזיקער
קאמפ זעט פאָרויס דאָס דעראָבערנ אונטער די פאָנענ
פונ דער רעוואָליוציע די ברייטע מאסנ פונעמ קאָלאָניאלנ
ארבעטער-קלאס און פויערטומ, וואָס דאָס איז אומעגלעכ
אָנ דער סאמע ענגער פריינטשאפט צווישנ דעמ פּראָלע-

טאריאט פון די אונטערדריקנדיקע נאציעס און די אָפּ־
בעטנדיקע מאסן פון די אונטערדריקטע נאציעס.
אָרגאניזירנדיק די רעוואָליוציע קעגן דעם אימפעריאַליזם
אונטער דער פאָן פון דער פּראָלעטארישער דיקטאטור אין
די אזוי גערופענע „ציוויליזירטע מעלוכעס", שטיצט דער
קאָמוניסטישער אינטערנאציאָנאַל יעטווידע באוועגונג קעגן
דעם אימפעריאַליסטישן גוואַלט אין די קאָלאָניעס, האַלבע
קאָלאָניעס און אָפּהענגיקע לענדער (צ. ב., אין דער
לאטיינישער אמעריקע); ער פירט א פּראָפּאגאנדע קעגן
אַלע מינים שאָוויניזם און אימפעריאַליסטישן טרעטירן די
קליינע און גרויסע פארשקלאפטע פעלקער און ראסן (די
באציִונג צו די נעגערס, צו „געלע ארבעט", אנטיסעמיטיזם
א.א.וו.) און שטיצט דעם קאמף פון די דאָזיקע פעלקער
קעגן דער בורזשואזיע פון דער אונטערדריקנדיקער נאציע.
באזונדערס ענערגיש פירט דער קאָמוניסטישער אינטער־
נאציאָנאַל דעם קאמף קעגן שאָוויניזם צווישן די גרויס־
מעכטיקע נאציעס, קעגן דעם שאָוויניזם, וועלכער ווערט
געפּריידיקט ווי דורך דער אימפעריאַליסטישער בורזשואזיע,
אזוי אויך דורך איר סאָציאַל־דעמאָקראטישער אגענטור — דעם
2־טן אינטערנאציאָנאַל, קעסיידער אנטקעגנשטעלנדיק קעגן
דער פּראקטיק פון דער אימפעריאַליסטישער בורזשואזיע
די פּראקטיק פונעם סאָוועטנפארבאנד, וועלכער האָט פאר־
ווירקלעכט די ברידערלעכע באציִונגען צווישן גלייכבא־
רעכטיקטע פעלקער.
אין די לענדער פונעם אימפעריאַליזם דארפן די
קאָמוניסטישע פּארטייען ארויסווייזן סיסטעמאטישע הילף

די קאָלאָניאַלע באַפרײַעריש־רעוואָליוציאָנערע באַוועגונגען און די באַוועגונגען פון די אונטערדריקטע נאַציאָנאַליטעטן בכלל. די דאָזיקע פליכט צו געבן זיי די סאַמע אַקטיווע הילף פאַלט אין דער ערשטער ריי אויף די אַרבעטער פון דעם לאַנד, פון וועלכן די אונטערדריקטע נאַציע איז אָפּהענגיק אין פינאַנציעלער, עקאָנאָמישער אָדער פּאָליטישער הינזיכטן. מיצאַד די קאָמפּאַרטייען איז נייטיק, אַז זיי זאָלן אָפן אַנערקענען דאָס רעכט פון די קאָלאָניעס אָפּ אָפּ־טיילן זיך און פּראָפּאַגאַנדירן דאָס דאָזיקע אָפּטיילן זיך, ד.ה. פּראָפּאַגאַנדירן די אומאָפּהענגיקייט פון די קאָלאָניעס פון דער אימפּעריאַליסטישער מעלוכע, אָנערקענען זייער רעכט אויף אַ באַוואָפנטן אויפן זיך צו באַשיצן קעגן דעם אימפּעריאַליזם (דאָס הייסט, דאָס רעכט אויף אַן אופשטאַנד און רעוואָליוציאָנערער מילכאָמע), אַז זיי זאָלן פּריידיקן און אַקטיוו שטיצן די דאָזיקע פאַרטיידיקונג מיט אַלע מעגלעכע מיטלען. פּונקט אַזאַ ליניע איז אָבליגאַטעריש פאַר די קאָמוניסטישע פּאַרטייען אויך אין באַצוג צו אַלע אונטער־דריקטע נאַציעס.

אין די **קאָלאָניאַלע און האַלב־קאָלאָניאַלע** לענדער גופע זײַנען די קאָמוניסטישע פּאַרטייען פאַרפּליכטעט צו פירן דעם סאַמע דרייסטן און אויסגעהאַלטענעם קאַמף קעגן דעם אויסלענדישן אימפּעריאַליזם, אומבאַדינגט פּראָפּאַגאַנדירנדיק די אידייע פון אַ דערנעענטערונג און אַ פאַרבאַנד מיטן פּראָלעטאַריאַט פון די אימפּעריאַליסטישע לענדער, אָפן אַרויסשטעלן, פּראָפּאַגאַנדירן און דורכפירן אין לעבן דעם לאָזונג פון אַן אַגראַרער רעוואָליוציע, אויף־

הייבן די ברייטע מאסן פון פויערטום אפ אראָפוואַרפן דעם יאָך פון די גוטבאזיצער און פירן א קאמפ מיט דער רעאקציאָנערער און מיטלאלטערישער ווירקונג פון די גייסטלעכע פון די מיסיעס און ענגלעכע עלעמענטן.

די גרונט־אופגאבע דאָ איז די אופנאבע זעלבשטענדיק צו אָרגאניזירן די ארבעטער און פויערים (די קאָמוניסטישע קלאסן־פארטיי פונעם פראָלעטאריאט, פראָפאריינען, פויערישע פארבאנדן און קאָמיטעטן, אין באדינגונגען פון א רעוואָליוציאָנערער סיטואציע—סאָוועטן א.א.וו.) און באפרייען זיי פון אונטערן איינפלוס פון דער נאציאָנאלער בורזשואזיע, וואָס צייטווייליקע אויסגלייכונגען מיט איר זיינען דערלאָזבאר בלויז אפ אזויפיל, אפ וויפל זי שטערט ניט דער רעוואָליוציאָנערער אָרגאניזירונג פון די ארבעטער און פויערים, און זי פירט א ווירקלעכן קאמפ קעגן דעם אימפעריאליזם.

באם באשטימען איר טאקטישע ליניע דארפ יעדע קאָמוניסטישע פארטיי דיסקאָנטירן די קאָנקרעטע אויסערלעכע און אינערלעכע סיטואציע, די צווישן־פארהעלטעניש פון די קלאסן־קויכעס, דעם גראד שטאנדהאפטיקייט און קראפט פון דער בורזשואזיע, דעם גראד צוגעגרייטקייט פונעם פראָלעטאריאט, די פאָזיציע פון די צווישן־שיכטן א.א.וו. אָפהענגיק פון די דאָזיקע אלע באדינגונגען באשטימט די פארטיי אירע לאָזונגען און די מעטאָדן פון איר קאמפ, ארויסגייענדיק פון דער נויטוועדיקייט צו מאָביליזירן און אָרגאניזירן ווי וויט מעגלעך ברייטערע מאסן אפ א מעגלעך העכערער שטופע פון דעם דאָזיקן קאמפ.

ארויסשטעלנדיק א רייע איבערגאנג־לאָזונגען בא דער רעוואָליוציאָנערער סיטואציע, וועלכע שאפט זיך, און ארויסשטעלנדיק א רייע טיילווייזע פאָדערונגען, וועלכע ווערן באשטימט דורך די קאָנקרעטע אומשטענדן, דארף די פארטיי אונטעראָרדענען די דאָזיקע פאָדערונגען און די דאָזיקע לאָזונגען אונטער איר רעוואָליוציאָנערן ציל צו פארכאפן די מאכט און אראָפצווארפן די בורזשואז־קאפּי־טאליסטישע געזעלשאפט. עס איז ניט דערלאָזבאר סיי אָפּצורייסן זיך פון די אלטעגלעכע נויטן און פונעם אל־טעגלעכן קאמף פונעם ארבעטער־קלאס, סיי צו באגרענעצן די טעטיקייט פון דער פארטיי מיט די דאָזיקע אלטעגלעכע נויטן און אלטעגלעכן קאמף. די אויפגאבע פון דער פארטיי איז, ארויסגייענדיק פון די דאָזיקע אלטעגלעכע קליינע נויטן, פירן דעם ארבעטער־קלאס צום רעוואָליוציאָנערן קאמף פאר דער מאכט.

בא דער אָנוועזנהייט פון רעוואָליוציאָנערן אויפשטייג, ווען די הערשנדיקע קלאסן זיינען דעזאָר־גאניזירט, ווען די מאסן געפינען זיך אין צושטאנד פון רעוואָליוציאָנערער יווירונג, ווען די צווישן־שיכטן וואקלען זיך אין דער זייט פונעם פראָלעטאריאט, ווען די מאסן זיינען גרייט אף ארויסטרעטונגען און קאָרבאָנעס,—אנטשטייט פאר דער פארטיי פונעם פראָלעטאריאט די אויפגאבע צו פירן זיי אין א דירעקטער אטאקע קעגן דער בורזשואזער מע־לוכע. דאָס ווערט דערגרייכט דורך פראָפאגאנדירן איבער־גאנג־לאָזונגען, וועלכע ווערן אלץ מער פארשארפט (דער לאָזונג פון סאָוועטן, ארבעטער־קאָנטראָל איבער דער

פראָדוקציע, דער לאָזונג פונ פויערימ־קאָמיטעטנ אפ צו
פארכאפנ די פריצישע ערד, דער לאָזונג צו אנטוואָפענענ
די בורזשואזיע אונ צו באוואָפענענ דעמ פראָלעטאריאט
א.א.וו.) אונ אָרגאניזירנ מאסנ־ארויסטרעטונגענ,
וואָס צו זיי דארפנ אונטערגעאָרדנט זײַנ אלע געביטנ פונ
פארטייִשער אגיטאציע אונ פראָפאגאנדע, דערונטער אויכ
פונ דער פארלאמענטארישער. צו די דאָזיקע מאסנ־ארויס־
טרעטונגענ געהערנ: שטרײַקנ, קאָמבינירנ שטרײַקנ אונ
דעמאָנסטראציעס, קאָמבינירנ שטרײַקנ אונ באוואָפנטע
דעמאָנסטראציעס אונ, ענדלעכ, א גענעראל־שטרײַק צוזא־
מענ מיט א באוואָפנטנ אופשטאנד קעגנ דער מעלוכע־מאכט
פונ דער בורזשואזיע. די לעצטע, די סאמע העכסטע פאָרמ
פונ קאמפ שטיצט זיכ אפ די קלאָלימ פונ קריגס־קונסט,
זי זעט פאָרויס א קריגס־פלאנ, אנ אָנגרײַפערישנ
כאראקטער פונ די קריגס־אָפעראציעס, גרענעצלאָזע איבער־
געגעבנקײַט אונ העלדישקײַט פונעמ פראָלעטאריאט. אזוינע
ארויסטרעטונגענ דארפנ אלס אומבאדינגטע פאָרהאנאָכע
האָבנ די אָרגאניזירונג פונ ברייטע מאסנ אינ שלאכט־
פארייניקונגענ, וואָס די עצעמ פאָרמ זייערע כאפט ארומ
אונ ברענגט אינ באוועגונג די גרעסטע צאָל ארבעטנדיקע
(סאָוועטנ פונ ארבעטער־אונ פויערימ־דעפוטאטנ, סאָל־
דאטישע סאָוועטנ א.א.וו.), א פארשטארקטע רעוואָליוציאָ־
נערע ארבעט אינ דער ארמיי אונ אינעמ פלאָט.

באמ איבערגיינ צו נײַע, מער שארפערע לאָזונגענ מוז
מענ זיכ האלטנ בא דעמ גרונט־קלאל פונ דער פאָליטישער
טאקטיק פונ לעניניזמ, וועלכע פאָדערט, אז מע זאָל קאָ־

נענ צופירנ די מאסנ צו די רעוואָליוציאָנערע פּאָזיציעס אזוי, אז די דאָזיקע מאסנ גופע זאָלנ זיכ אפּ זייער אייגענער דערפארונג איבערצײַגנ אינ דער ריכטיקײַט פונ דער פּארטייִשער ליניע. אויב מע היט ניט אָפּ דעמ דאָזיקנ קלאל, ברענגט עס אומפארמײַדלעכ דערצו, אז מע רײַסט זיכ אָפּ פונ די מאסנ, עס ברענגט צו פוטשיזמ אונ צו דער אידעאָלאָגישער דעגענערירונג פונעמ קאָמוניזמ אינ „לינקער" דאָקטרינערישקײַט, אינ קליינבירגערלעכנ „רעוואָליוציאָנערנ" אוואנטיוריזמ. ניט ווייניקער געפערלעכ איז אויכ ניט אויסצונוצנ דעמ קולמינאציע־פּונקט אינ דער אנטוויקלונג פונ דער רעוואָליוציאָנערער סיטואציע, ווענ פונ דער פּארטיי פונעמ פּראָלעטאריאט פאָדערט זיכ א דרייסטע אונ אנטשיידענע אטאקע אפנ סוינע. דורכלאָזנ אזא סיטואציע אונ ניט אָנהייבנ דעמ אופשטאנד—הייסט איבערגעבנ די איניציאטיוו דעמ קעגנער אונ פארורטיילנ די רעוואָליוציע אפ א דורכפאל.

ביים עס איז *ניטאָ קיינ רעוואָליוציאָנערער אופשטײַג* דארפנ די קאָמוניסטישע פּארטייענ, ארויסגייענדיק פונ די אלטעגלעכע נויטנ פונ די ארבעטנדיקע, ארויסשטעלנ *טיילווײַזע* לאָזונגענ אונ פאָדערונגענ, פארבינדנדיק זיי מיט די גרונט־אופגאבנ פונ קאָמוניסטישנ אינטערנאציאָנאל. דערבײַ דארפנ אָבער די קאָמפּארטייענ ניט ארויסשטעלנ אזוינע *איבערגאנג*־לאָזונגענ, וועלכע זײַנענ אויסגערעכנט ספּעציעל אפ דער אָנוועזנהײַט פונ א רעוואָליוציאָנערער סיטואציע אונ אויסער איר ווערנ זיי פארוואנדלט אינ לאָזונגענ פונ ארײַנוואקסנ

אינ דער סיסטעם פונ די קאפּיטאליסטישע אָרגאניזאציעס (לעמאָשל, דער לאָזונג פונ ארבעטער־קאָנטראָל א.א.וו.). די טיילווייַזע פּאָדערונגענ אונ לאָזונגענ זייַנענ א באשטענדיקער באדינג פאר דער ריכטיקער טאקטיק ביכלאל, אינ דער צייַט, ווענ א ריי איבערגאנג־לאָזונגענ זייַנענ אומפארמייַדלעכ פארבונדנ מיט דער אָנוועזנהייַט פונ א רעוואָליוציאָנערער סיטואציע. פונ דער אנדער זייַט, פּאָרט זיכ ניט דער „פּרינציפּיעלער" אָפּזאָג פונ טיילווייַזע פּאָדערונגענ אונ איבערגאנג־לאָזונגענ מיט די טאקטישע פּרינציפּנ פונעמ קאָמוניזמ, ווייַל אינ דער ווירקלעכקייַט פּארורטיילט ער די פּארטיי אפ פּאסיווקייַט אונ רייַסט זי אָפּ פונ די מאסנ. די טאקטיק פונ איינהייַטלעכנ פראָנט, אלס מיטל פונ סאמע דערפאָלגרייַכנ קאמפ קעגנ דעמ קאפּיטאל, פונ קלאסנ־מאָביליזאציע פונ די מאסנ, פונ דעמאסקירנ אונ איזאָלירנ די רעפאָרמיסטישע אויבערשיכטנ, גייט דערבייַ ארייַנ אלס וויכטיקסטער באשטאנד־טייל אינ דער טאקטיק פונ די קאָמפּארטייענ אפנ גאנצנ פאררעוואָליוציאָנערנ פּעריאָד.

דאָס ריכטיקע אָנווענדנ די טאקטיק פונ אנ איינהייַטלעכנ פראָנט אונ דאָס לייזנ די אופגאבע פונ געווינענ די מאסנ ביכלאל זעט פאָרויס פונ איר זייט די סיסטעמאטישע אונ אקשאָנעסדיקע ארבעט אינ די פּראָפּאריינענ אונ אינ די אנדערע מאסעווע אָרגאניזאציעס פונעמ פּראָלעטאריאט. די אָנגעהעריקייַט צו א פּראָפּאריינ, אפילע צומ סאמע רעאקציאָנערנ, וועלכער איז א מאסנ־אָרגאניזאציע,—איז די דירעקטע פליכט פונ יעדנ קאָמוניסט. נאָר דורכ שטענדי־

קער און קאָנסעקוועגטער ארבעט אין די פּראָפּאריינען און אין די אונטערנעמונגען מיטן ציל אמעריקאַנער שטאנדהאפּטיק און ענערגיש צו פארטיידיקן די אינטערעסן פון די ארבעטער, בא אן אָנראכמאָנעסדיקן קאמף קעגן דער רעפאָרמיסטישער ביוראָקראטיע, קאָן מען געווינען די אָנפירונג מיטן קאמף פון די ארבעטער און צוציִען אפ דער זײַט פון דער פּארטיי די ארבעטער־מאסן, וועלכע זײַנען אָרגאניזירט אין די פּראָפּאריינען.

אין קעגנגעוויכט צו דער שפּאלטערישער פּאָליטיק פון די רעפאָרמיסטן, פּארטיידיקן די קאָמוניסטן די איינהײַט פון די פּראָפּאריינען אין יעדן לאנד און אין צווישנפעלקערלעכן מאסשטאב אפן יעסאָד פון קלאסן־קאמף, מיט אלע מעגלעכקײַטן שטיצנדיק און פארפעסטיקנדיק די ארבעט פונעם רויטן אינטערנאציאָנאל פון די פּראָפּאריינען.

ארויסטרעטנדיק אומעטום צו פארטיידיקן די לויפנדיקע און דרינגענדיקע נויטן פון דער ארבעטער־מאסע און פון דער מאסע ארבעטנדיקע בכלל, אויסנוצנדיק צוליב רעוואָלוציאָנערער אגיטאציע און פּראָפּאגאנדע די טריבונע פונעם בורזשואזן פּארלאמענט, אונטערווארפנדיק אלע טיילוויַיזע אויפגאבן אונטער די צילן פון קאמף פאר דער דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאט, שטעלן ארויס די פּארטייען פונעם קאָמוניסטישן אינטערנאציאָנאל טיילווייַזע פאָדערונגען און לאָזונגען אין די פאָלגנדיקע גרונט־געביטן.

אינעם געביט פון דער ארבעטער־פראגע אינעם ענגן זין פונעם וואָרט—פראגן פון עקאָנאָמישן קאמף

(קאמפ קעגנ דעמ אָנגריפ פונ טרעסטיפיצירטנ קאפיטאל, פראגנ פונ ארבעט־לוינ, פונ ארבעט־טאָג, פונ געצווונ־גענע דרײַלינג־געריכטנ, פונ ארבעטלאָזיקײַט), ו ע ל כ ע ג ײ ע נ א ר י ב ע ר אינ פראגנ פונ אלגעמײנ־פאָליטישנ קאמפ (גרויסע אינדוסטריעלע קאָנפליקטנ, דאָס רעכט פונ פארײנענ אונ שטרײַקנ א.א.וו.); פראגנ, וועלכע האָבנ די־רעקט א פ אָ ל י ט י ש נ כאראקטער (שטײַערנ, יאקרעס, פאשיזמ, פארפאָלגונגענ אפ די רעוואָליוציאָנערע פארטײענ, ווײַסער טעראָר, די לויפנדיקע פאָליטיק פונ דער רעגירונג ביכלאל); ענדלעכ, פראגנ פונ דער ו ע ל ט־פאָליטיק: די באציונג צו פססר אונ צו די קאָלאָניאלע רעוואָליוציעס, דער קאמפ פאר דער אײנהײַט פונ דער צווישנפעלקערלע־כער אונ פראָפעסיאָנעלער באוועגונג, קאמפ קעגנ דעמ אימפעריאליזמ אונ מילכאָמע־געפאר, סיסטעמאטישע צוגרײטונג צומ קאמפ קעגנ אנ אימפעריאליסטישער מ י ל־כ אָ מ ע.

אינעמ געביט פונ דער פ ו י ע ר י מ־פראגע זײַנענ אזעלכע טײלווײַזע פאָדערונגענ די פאָדערונגענ, וועלכע זײַנענ נעגײע דער שטײַערנ־פאָליטיק, די היפאָטעק־כויוועס פונעמ פויערטומ, קאמפ קעגנ דעמ וווכערישנ קאפיטאל, קעגנ דער ערד־נויט פונ די קנאפ־ערדישע פויערימ, קעגנ ארענדע־געצאָלט אונ קעגנ אָפגעבנ די פעלדער פונ דער העלפט א.א.וו. ארויסגײענדיק פונ דידאָזיקע טײלווײַזע נויטנ, דארפ די קאָמפארטײ פארשארפנ די אנטשפרעכנדיקע לאָזונ־גענ, פאראלגעמײנערנדיק זײ אינעמ לאָזונג צו קאָנפיס־קירנ די ערדנ פונ די גרויסע אײגנטימערס, אינעמ לאָזונג

פונ אנ ארבעטער־פויערימ־רעגירונג (א סינאָנימ פונ דער פּראָלעטארישער דיקטאטור אינ די אנטוויקלטע קאפּיטאליסטישע לענדער, א סינאָנימ פונ דער דעמאָקראטישער דיקטאטור פונעמ פּראָלעטאריאט אונ פויערטומ אינ לענדער אָפּגעשטאנענע אונ אינ א ריי קאָלאָניעס).

דאָס גלײַכנ איז נייטיק צו פירנ א סיסטעמאטישע ארבעט צווישנ דער פּראָלעטארישער אונ פויערישער יוגנט (הויפּטזאכלעכ, דורכנ קאָמוניסטישנ יוגנט־אינטערנאציאָנאל אונ זײַנע סעקציעס) אונ צווישנ **פרויענ**, ארבעטערנס אונ פויערטעס, ארויסגייענדיק פונ די ספּעציפישע באדינגונגענ פונ זייער לעבנ אונ קאמפּ אונ פארבינדנדיק זייערע פאָדערונגענ מיט די אלגעמיינע פאָדערונגענ אונ קאמפּ־לאָזונגענ פונעמ פּראָלעטאריאט.

אינעמ געביט פונ קאמפּ מיט דער אונטערדריקונג פונ די **קאָלאָניאלע פעלקער** דארפנ די קאָמוניסטישע פּארטייענ אינ די קאָלאָניעס **גופא** ארויסשטעלנ טיילווײַזע פאָדערונגענ, וועלכע ווערנ באשטימט דורכ דער ספּעציפישער סיטואציע אינ זיי. ווי צומ בײַשפּיל פולע גלײַכבארעכטיקונג פונ אלע נאציעס אונ ראסנ; אָפּשאפנ אלערליי פּריווילעגיעס פאר אויסלענדער; פרײַהײַט פאר ארבעטערשע אונ פויערישע אָרגאניזאציעס; פארקירצנ דעמ ארבעט־טאָג; פארבאָטנ קינדער־ארבעט; פארניכטנ די שקלאפעריש־וווכערישע אָפּמאכנ; אראָפּזעצנ אונ פארניכטנ דאָס ערנדע־געלט; פארקלענערנ די שטײַערנ; בויקאָטירנ שטײַערנ א.א.וו. די אלע טיילווײַזע לאָזונגענ דארפנ אונטערגעאָרדנט זײַנ אונטער די גרונט־פאָדערונגענ פונ דער קאָמפּארטיי,

און נעמלעך: פולע פּאָליטישע אומאָפּהענגיקײַט פונעם לאַנד און
פאַרטרײַבן די אימפּעריאַליסטן, א רעגירונג פון ארבעטער
און פּויערים, ערד דעם גאַנצן פאָלק, אַן אַכט־שעהיקער
ארבעטס־טאָג א.א.וו. אין די לענדער פון אימפּעריאַליזם
זײַנען די קאָמפּאַרטייען פאַרפליכטעט, שטיצנדיק דעם
דאָזיקן קאַמף פון די קאָלאָניעס גופא, דורכפירן א קאַמ־
פּאַניע פאַר אָפּרופן דאָס אימפּעריאַליסטישע מיליטער,
פירן א פּראָפּאַגאַנדע צווישן די ארמייען און דעם פלאָט
אַפּ צו באַשיצן די אונטערדריקטע פעלקער, וועלכע קעמפן
פאַר זייער באַפרײַונג, מאָביליזירן די מאַסן צו בויקאָטירן
דאָס אריבערפירן מיליטער און געווער, אָרגאַניזירן אין
צוזאַמענהאַנג מיט דעם שטרײַקן און אַנדערע פאָרמען פון
מאַסן־פּראָטעסט א. א. וו.

באַזונדערע אויפמערקזאַמקײַט דאַרף דער קאָמוניסטישער
אינטערנאַציאָנאַל ווידמען דער סיסטעמאַטישער צוגרייטונג
פונעם קאַמף קעגן דער געפאַר פון אימפּעריאַליס־
טישע מילכאָמעס. אָן ראַכמאָנעס דעמאַסקירן דעם
סאָציאַל־שאָוויניזם, סאָציאַל־אימפּעריאַליזם, די פּאַציפיס־
טישע פראַזן, וועלכע דעקן צו די אימפּעריאַליסטישע פּלע־
נער פון דער בורזשואַזיע; פּראָפּאַגאַנדירן די גרונט־לאָזונ־
גען פונעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל; פירן א טאָג־
טעגלעכע אָרגאַניזיר־ארבעט אין דער דאָזיקער ריכטונג,
אומבאַדינגט צענויפפּאָרנדיק די לעגאַלע און אומלעגאַלע
מעטאָדן פון ארבעט; פירן אַן אָרגאַניזירטע ארבעט צווישן
דער ארמיי און דעם פלאָט, — דאָס דאַרף זײַן די טעטי־
קײַט פון די קאָמוניסטישע פּאַרטייען. די גרונט־לאָזונגען

פונעם קאָמוניסטישנ אינטערנאַציאָנאל דארפנ אינ פארבינדונג דערמיט זײַנ די פאָלגנדיקע לאָזונגענ: פארוואנדלענ די אימפעריאליסטישע מילכאָמע אינ א בירגער־קריג; די מאפּאָלע פונ דער „אײגענער“ אימפעריאליסטישער רעגירונג; באשיצנ מיט אלע מיטלענ דעם ססר און די קאָלאָניעס אינ פאל פונ אנ אימפעריאליסטישער מילכאָמע קעגנ זײ. פּראָפּאגאנדירנ דידאָזיקע לאָזונגענ, דעמאסקירנ די „סאָציאליסטישע“ סאָפיזמענ און דאָס „סאָציאליסטישע“ פארדעקנ די פעלקער־ליגע, שטענדיק דערמאָנענ וועגנ דער דערפארונג פונ דער מילכאָמע פונ די יאָרנ 1914—1918 — איז אנ אומבאדינגטע פליכט פאר אלע סעקציעס און פאר יעדנ מיטגליד פונעם קאָמוניסטישנ אינטערנאציאָנאל.

קעדײ צו קאָאָרדינירנ די רעוואָליוציאָנערע ארבעט און די רעוואָליוציאָנערע ארויסטרעטונגענ און קעדײ מיטנ גרעסטנ דערפאָלג אָנצופירנ מיט זײ, איז דעם צווישנפעלקערלעכנ פּראָלעטאריאט נײטיק א צווישנפעלקערלעכע קלאסנ־דיסציפלינ, וואָס די וויכטיקסטע פאָרהאנאָכע פאר איר איז די שטרענגסטע צווישפעלקערלעכע דיסציפלינ אינ די קאָמוניסטישע רײענ. דידאָזיקע צווישנפעלקערלעכע קאָמוניסטישע דיסציפלינ דארפ זיכ אויסדריקנ אינ דעם, וואָס די פּריוואטע און אָרטיקע אינטערעסנ פונ דער באוועגונג דארפנ אונטערגעוואָרפנ זײַנ אונטער אירע אלגעמײנע און דויערנדיקע אינטערעסנ, און אינ דעם, וואָס אלע קאָמוניסטנ מוזנ אומבאדינגט אויספילנ די באשלוסנ פונ די אָנפירנדיקע אָרגאנענ פונעם קאָמוניסטישנ אינטערנאציאָנאל.

אינ קעגנזאצ צו דעם סאָציאל־דעמאָקראטישנ צווײטנ אינ־

טערנאציאָנאל, וואָס יעדע פארטיי זייַנע ווארפט זיכ אונ־
טער דער דיסציפּלינ פונ „איר“ נאציאָנאלער בורזשואזיע
אונ פונ איר „פאָטערלאנד“, ווייסנ די סעקציעס פונעמ
קאָמוניסטישנ אינטערנאציאָנאל נאָר פונ איינ דיסציפּלינ,
דער דיסציפּלינ פונ צווישנפעלקערלעכנ פּראָלעטאריאַט,
וועלכע זיכערט דעמ זיגרייַכנ קאמפ פונ די ארבעטער פונ
אלע לענדער פאר דער אלוועלטלעכער פּראָלעטארישער דיקטא־
טור. אינ קעגנזאצ דעמ צווייטנ אינטערנאציאָנאל, וועלכער
שפּאלט די פארייַנענ, וועלכער פירט א קאמפ קעגנ די קאָלאָ־
ניאלע פעלקער אונ וועלכער פּראקטיקירט אייַנהייַט מיט דער
בורזשואזיע, איז דער קאָמוניסטישער אינטערנאציאָנאל אנ
אָרגאניזאציע, וועלכע שטייט אפ דער וואכ פונ דער אייַנ־
הייַט פונ די פּראָלעטאריער פונ אלע לענדער, אפ דער
וואכ פונ דער אייַנהייַט פונ די האָרעפּאשניקעס פונ אלע
ראסנ אונ אלע פעלקער אינ זייער קאמפ קעגנ דעמ יאָכ
פונעמ אימפּעריאליזמ.

די קאָמוניסטנ פירנ מיט אומבאגרענעצטער מוטיקייַט דעמ
דאָזיקנ קאמפ אפ אלע באצירקנ פונעמ צווישנפעלקער־
לעכנ קלאסנ־פראָנט, ניט געקוקט אפנ בלוטיקנ טעראָר
פונ דער בורזשואזיע, אינ פעסטער זיכערקייַט, אז דער
זיג פונעמ פּראָלעטאריאַט איז אומפארמייַדלעכ אונ ניט
אָפּווענדלעכ.

„די קאָמוניסטנ האלטנ פאר איבעריק צו
באהאלטנ זייערע אָנשויונגענ אונ שטרעבונ־
גענ. זיי דערקלערנ אָפנ, אז זייערע צילנ קאָ־
נענ דערגרייכט ווערנ בלויז דורכ א גוואלט־

זאמענ נידערווארפנ די גאנצנ הײַנטצײַטיקע געזעלשאפטלעכע אָרדענונג.

זאָלנ די הערשנדיקע קלאסנ ציטערנ פאר דער קאָמוניסטישער רעוואָלוציע. די פראָלעטאריער קאָנענ פארלירנ אינ איר בלויז זייערע קייטנ, דעראָבערנ וועלנ זיי אָבער די גאנצע וועלט.

פראָלעטאריער פונ אלע לענדער, פארייניקט זיכ!

# סטאַטוט
## פונעם
## קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל

אָנגענומען אם דער 44-טער זיצונג פונעם VI קאָנגרעס פונעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, דעם 29 אויגוסט 1928 יאָר.

## 1. די גרונט-האַנאָכעס

§ 1. דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל — די צווישנפעלקערלעכע אַסאָציאַציע פונ אַרבעטער — שטעלט מיט זיכ פאָר אַ פאַראייניקונג פונ קאָמוניסטישע פאַרטייענ פונ באַזונדערע לענדער, אַנ איינהייטלעכע אַלוועלטלעכע קאָמוניסטישע פאַרטיי. זייענדיק דער פירער און אָרגאַניזאַטער פונ דער אַלוועלטלעכער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג פונעם פּראָלעטאַריאַט, דער טרעגער פונ די פּרינציפּנ און צילנ פונעם קאָמוניזם, קעמפט דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל פאַר דעראָבערנ די מערהייט פונעם אַרבעטער־קלאַס און די ברייטע שיכטנ פונעם ניט־פאַרמעגלעכנ פויערטום, פאַר איינשטעלנ אַנ אַלוועלטלעכע דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט, פאַר שאַפנ אַנ אַלוועלטלעכנ פאַרבאַנד פונ סאָציאַליסטישע סאָוועטישע רעפּובליקנ, פאַר אַ פולשטענדיקער פאַרניכטונג פונ קלאַסנ און פאַרווירקלעכנ דעם סאָציאַליזם — די דאָזיקע ערשטע שטופע פונ דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט.

§ 2. באַזונדערע פאַרטייענ, וואָס גייענ אַרייַנ אינ קאָמוניסטישנ אינטערנאַציאָנאַל, טראָגנ דעם נאָמענ: קאָמוניסטישע פאַרטיי פונ דעם און דעם לאַנד (סעקציע פונ קאָמוניסטישנ אינטערנאַציאָנאַל). אינ יעדנ לאַנד קאָנ זייַנ נאָר איינ

קאָמוניסטישע פּאַרטיי, וואָס איז אַ סעקציע פונעם קאָמוניס־טישן אינטערנאַציאָנאַל און גייט אַרײַן אין זײַן באַ־שטאַנד.

§ 3. אַ מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל קען זײַן יעדערער, וואָס אַנערקענט די פּראָגראַם און סטאַטוט פון דער אַנט־שפּרעכנדיקער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און קאָמוניסטישן אינ־טערנאַציאָנאַל, וואָס איז אַ מיטגליד פון אַ גרונטלעכער נידעריי־קערער פּאַרטייִשער אָרגאַניזאַציע און אַרבעט אין איר אַקטיוו, וואַרפט זיך אונטער אַלע באַשטימונגען פון דער פּאַרטיי און פונעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל און צאָלט רעגולער מיטגליד־אָפּצאָלן.

§ 4. די באַזע פון דער אָרגאַניזאַציע פון דער קאָמוני־סטישער פּאַרטיי איז דאָס קעמערל אויף דער אונטערנעמונג (אויפן זאַוואָד, פאַבריק, שאַכטע, אין קאָנטאָר, מאַגאַזין, מאַיאָנ־טעק א. א. וו.), וואָס פאַרייניקט אַלע פּאַרטיי־מיטגלידער, וואָס אַרבעטן אויף דער געגעבענער אונטערנעמונג.

§ 5. דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל און זײַנע סעקציעס ווערן געבויט אויף די יעסוידעס פון דעמאָקראַ־טישן צענטראַליזם, וואָס זײַנע גרונט־פּרינציפּן זײַנען: אַ) דאָס אויסוויילן אַלע אָנפירנדיקע אָרגאַנען פון דער פּאַרטיי — סײַ די נידעריקערע און סײַ די העכערע (דורך די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען פון די פּאַרטיי־מיטגלידער, קאָנפערענצן, צוזאַמענפאָרן און קאָנגרעסן; ב) דאָס פּעריאָדישע באַריכט־אָפּגעבן פון די פּאַרטיי־אָרגאַנען פאַר זייערע וויילער; ג) די אָבליגאַטאָרישקײַט פון די באַשלוסן

פון די העכערע פארטיי־אָרגאנען פאר די נידעריקערע, א שטרענגע פארטיי־דיסציפּלין און דאָס דרינגענדע אויספילן די באשטימונגען פונעם קאָמוניסטישן אינטערנאציאָנאל, פון זײַנע אָרגאנען און אָנפירנדיקע פארטיי־צענטערן.

די פארטיי־פראגן ווערן באהאנדלט דורך די מיטגלידער פון פארטיי און דורך די פארטיי־אָרגאניזאציעס נאָר ביז וואנען עס ווערט איבער זיי אָנגענומען א באשלוס פון די אנטשפּרעכנדיקע פארטיי־אָרגאנען. נאָכדעם, ווי עס ווערן אָנגענומען באשלוסן דורך די קאָנגרעסן פון קאָמינטערן, דורך די צוזאמענפאָרן פון זײַנע באזונדערע סעקציעס אָדער דורך די אָנפירנדיקע אָרגאנען פון קאָמינטערן און פון זײַנע באזונדערע סעקציעס דארפן די דאָזיקע באשלוסן אומבאדינגט דורכגעפירט ווערן אין לעבן — אפילו אין יענע פאלן, ווען א טייל מיטגלידער פון דער פארטיי אָדער פון די אָרטיקע פארטיישע אָרגאניזאציעס איז מיט זיי ניט מאסקים.

אין די באדינגונגען פון אומלעגאלער עקזיסטענץ פון דער פארטיי ווערט דערלאָזן, אז די העכערע פארטיי־אָרגאנען זאָלן באשטימען די נידעריקערע און אויך די אָנווענדונג פון קאָאָפּטאציע, וועלכע דארף נאָכדעם באשטעטיקט ווערן דורך די העכערע פארטיי־אָרגאנען.

§ 6. אין אלע אויסער־פארטייִשע מאסן־אָרגאניזאציעס פון ארבעטער און פויערים און זייערע אָרגאנען (פּראָפעסיאָנעלע פאריינען, קאָאָפּעראטיווע, ספּאָרטיווע פארבאנדן, אָרגאניזאציעס פון די אָנטיילנעמער פון דער מילכאָמע, אפ מייערע צוזאמענפאָרן און קאָנפערענצן, און אויך אין די ווניצ יפאלע פארוואלטונגען און סאָוועטן, אין די פארלא־

מענטנ א. א. וו.) דארפנ זײַנ, בא דער אָנוועזנהײַט כאָטש פונ צוויי פארטיי־מיטגלידער, אָרגאניזירט קאָמוניסטישע פראקציעס מיטנ ציל צו פארשטארקנ די ווירקונג פונ דער פארטיי אונ דורכפירנ איר פּאָליטיק טאקע אינ די דאָזיקע אָרגאניזאציעס גופע.

§ 7. די קאָמוניסטישע פראקציעס ווארפנ זיכ אונטער די אנטשפּרעכנדיקע פארטיי־אָרגאנענ.

באמערקונג 1. די קאָמוניסטישע פראקציעס אינ די אָרגאניזאציעס, וואָס טראָגנ א צווישנפעלקערלעכנ כאראקטער (רויטער אינטערנאציאָנאל פונ די פאראײנענ, צווישנפעלקערלעכע געזעלשאפט פונ הילפ די רעוואָליוציאָנערנ, צווישנפעלקערלעכע ארבעטער־הילפ א. א. וו.), ווארפנ זיכ אונטער דעם אויספיר־קאָמיטעט פונ קאָמוניסטישנ אינטערנאציאָנאל.

באמערקונג 2. די אָרגאניזאציאָנעלע סטרוקטור פונ די קאָמוניסטישע פראקציעס אונ די פאָרמ פונ אָנפירנ מיט זייער ארבעט ווערנ באשטימט דורכ באזונדערע אינסטרוקציעס פונ אויספיר־קאָמיטעט פונ קאָמוניסטישנ אינטערנאציאָנאל אונ פונ די צענטראלע קאָמיטעטנ פונ די סעקציעס פונ קאָמינטערנ.

## 2. דער אלוועלטלעכער קאָנגרעס פונעמ קאָמוניסטישנ אינטערנאציאָנאל

§ 8. דער העכסטער אָרגאנ פונעמ קאָמוניסטישנ אינטערנאציאָנאל איז דער אלוועלטלעכער קאָנגרעס פונ די פאָרשטייער פונ אלע פארטייענ (סעקציעס אונ אָרגאניזאציעס), וואָס גייענ ארײַנ אינ באשטאנד פונעמ קאָמוניסטישנ אינטערנאציאָנאל.

דער אַלוועלטלעכער קאָנגרעס באַהאַנדלט און לײזט פּראָגראַם־פראגנ, טאַקטישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע פראגנ, וואָס זײַנענ פאַרבונדנ מיט דער טעטיקײַט סײַ פונ קאָמוניסטישנ אינטערנאַציאָנאַל און סײַ פונ זײַנע באַזונדערע סעקציעס. דאָס רעכט צו ענדערנ די פּראָגראַם און סטאַטוט פונ קאָמוניסטישנ אינטערנאַציאָנאַל געהערט אויסשליסלעכ דעם אַלוועלטלעכנ קאָנגרעס פונ קאָמינטערנ.

דער אַלוועלטלעכער קאָנגרעס קלײַבט זיכ צונויפ אײנ־מאָל אינ צוויי יאָר. דער טערמינ פונ צונויפרופנ דעם קאָנגרעס און די גרײס פונ דער פאָרשטײערשאַפט פונ די באַזונדערע סעקציעס ווערט אײַנגעשטעלט דורכנ אויספיר־קאָם פונ קאָמוניסטישנ אינטערנאַציאָנאַל.

די צאָל באַשליסנדיקע שטימענ פונ יעדער סעקציע אפנ אַלוועלטלעכנ קאָנגרעס ווערט באַשטימט דורכ א באַזונדער באַשלוס פונ דעם קאָנגרעס גופע, אינ העסקעם מיט דער צאָל מיטגלידער פונ דער געגעבענער פּאַרטײ און פּאָליטישער באַדײַטונג פונעם געגעבענעם לאַנד. אימפּעראַטיווע מאַנדאַטנ ווערנ ניט אָנערקענט און ווערנ פאָרויס אַנולירט.

§ 9. אנ אויסעראָרדנטלעכער קאָנגרעס פונ קאָמוניסטישנ אינטערנאַציאָנאַל קענ צענויפגערופנ ווערנ לויט דער פאָדערונג פונ עטלעכע פּאַרטײענ, וואָס האָבנ געהאַט אַלע צוזאַמענ אפ דעם לעצטנ אַלוועלטלעכנ קאָנגרעס ניט ווײניקער ווי א העלפט באַשליסנדיקע שטימענ.

§ 10. דער אַלוועלטלעכער קאָנגרעס וויילט אויס דעם אויספיר־קאָמיטעט פונעם קאָמוניסטישנ אינטערנאַציאָנאַל

(אויספירקאָם פון קאָמינטערן) און אן אינטערנאַציאָנאַלע קאָנטראָל־קאָמיסיע (אינטערנאַציאָנאַלע ק. ק.).

§ 11. דער אָרט, וווּ עס זאָל זיך געפינען דער אויספיר־קאָמיטעט, ווערט באַשטימט דורכן אַלוועלטלעכן קאָנגרעס.

## 3. דער אויספיר־קאָמיטעט פונעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל און זײַנע אָרגאַנען

§ 12. דער אָנפירנדיקער אָרגאַן פונעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל אין פעריאָד צווישן צוויי קאָנגרעסן איז זײַן אויספיר־קאָמיטעט, וואָס גיט אַלע סעקציעס פונעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל די־רעקטיוון און קאָנטראָלירט זייער טעטיקייט.

דער אויספירקאָם פון קאָמינטערן גיט אַרויס א צענט־ראַלן אָרגאַן פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל ניט ווייניקער ווי אין 4 שפּראַכן.

§ 13. די באַשטימונגען פון אויספירקאָם פון קאָמינטערן זײַנען אָבליגאַטעריש פאַר אַלע סעקציעס פונעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל און זיי דאַרפן עס טייקעף דורכפירן אין לעבן. די סעקציעס האָבן דאָס רעכט צו אָנקלאָגן די באַשלוסן פונעם אויספירקאָם פון קאָמינטערן אפן אַלוועלטלעכן קאָנגרעס, אָבער ביז וואַנען דער קאָנגרעס שאַפט ניט אָפּ דיזאָזיקע באַשלוסן באַפרײַען זיך ניט די סעקציעס פון דער פליכט אויסצופירן זיי.

§ 14. די צענטראַלע קאָמיטעטן פון די באַזונדערע סעקציעס פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל זײַנען פאַר־

אנטוואָרטלעכע פאַר זייערע צוזאַמענפאָרן און פאָרן אויס־
פירקאָם פון קאָמינטערן. דעם לעצטן גיט זיך דאָס רעכט צו
שאַפן און ענדערן די באַשטימונגען סײַ פון די צוזאַ־
מענפאָרן פון די סעקציעס, און סײַ אויך פון זייערע
צענטראַל־קאָמיטעטן, און אויך אָנעמען אָבליגאַטאָרישע
פאַר זיי באַשטימונגען (זע § 13).

§ 15. דעם אויספירקאָם פון קאָמינטערן געהערט דאָס
רעכט צו אויסשליסן פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל
גאַנצע סעקציעס, גרופן און באַזונדערע מיטגלידער, וואָס
ברעכן די פּראָגראַם און דעם סטאַטוט פון קאָמוניס-
טישן אינטערנאַציאָנאַל אָדער די באַשלוסן פון די אַלוועלט־
לעכע קאָנגרעסן און פונעם אויספירקאָם פון קאָמינטערן. די
אויסגעשלאָסענע האָבן דאָס רעכט אַפּעלירן צום אַלוועלטלעכן
קאָנגרעס.

§ 16. דער אויספירקאָם פונעם קאָמינטערן באַשטעטיקט
די פּראָגראַמען פון באַזונדערע סעקציעס פון קאָמוניסטישן
אינטערנאַציאָנאַל. אין פאַל, ווען דער אויספירקאָם פון קאָמינ־
טערן באַשטעטיקט ניט די פּראָגראַם, האָט די סעקציע
רעכט צו אַפּעלירן צום אַלוועלטלעכן קאָנגרעס פון קאָ־
מינטערן.

§ 17. די אָנפירנדיקע פּרעסע־אָרגאַנען פון באַזונדערע
סעקציעס פונעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל זײַנען מע־
כויעוו צו פּובליקירן אַלע באַשטימונגען און אָפיציעלע
דאָקומענטן פונעם אויספירקאָם פון קאָמינטערן; די דאָזיקע באַ־
שטימונגען דאַרפן זיך פּובליקירן לויט דער מעגלעכקייט
אויך אין די איבעריקע פּרעסע־אָרגאַנען פון די סעקציעס.

§ 18. דער אויספירקאָמ פונ קאָמינטערנ האָט דאָס רעכט צו אָננעמענ אינ באשטאנד פונעמ קאָמוניסטישנ אינטערנאציאָנאל מיט באראטונג־שטימענ אָרגאניזאציעס אונ פארטייענ, וואָס פילנ מיט דעמ קאָמוניזמ.

§ 19. דער אויספירקאָמ פונ קאָמינטערנ קלײַבט אויס א פרעזידיומ, וואָס דארפ זיכ פאר אימ אָפרעכענענ אונ איז א שטענדיק טעטיקער אָרגאנ, וואָס פירט די גאנצע ארבעט פונעמ אויספירקאָמ פונ קאָמינטערנ אינ פעריאָד צווישנ זײַנע זיצונגענ.

§ 20. דעמ אויספירקאָמ פונ קאָמינטערנ אונ זײַנ פרעזידיומ איז געגעבנ דאָס רעכט צו שאפנ שטענדיקע ביוראָענ (א מײַרעוו־אייראָפייִשע, א דאָרעמ־אפריקאנישע, א מיזרעכדיקע אונ אנדערע ביוראָענ פונעמ אויספירקאָמ פונ קאָמינטערנ) אפ צו אײַנשטעלנ א מער ענגערע פארבינדונג מיט באזונדערע סעקציעס פונעמ קאָמינטערנ אונ בעסער צו אָנפירנ מיט זייער ארבעט.

ב א מ ע ר ק ו נ ג: דער קרײַז טעטיקײַט פונ די שטענדיקע ביוראָענ פונעמ אויספירקאָמ פונ קאָמינטערנ ווערט אײַנגעשטעלט דורכנ אויספירקאָמ פונ קאָמינטערנ אָדער דורכ זײַנ פרעזידיומ. די סעקציעס פונ קאָמוניסטישנ אינטערנאציאָנאל, אפ וועלכע עס ווערט פארשפרייט דער קרײַז טעטיקײַט פונ די שטענדיקע ביוראָענ פונעמ אויספירקאָמ פונ קאָמינטערנ, דארפ מענ געבנ צו וויסנ וועגנ די באפולמאכטנ פונ די ביוראָענ.

§ 21. די סעקציעס זײַנענ פארפליכטעט דורכפירנ אינ לעבנ די אָנווײַזונגענ אונ דירעקטיוונ פונ די שטענדיקע ביוראָענ פונעמ אויספירקאָמ פונ קאָמינטערנ. אפ די אָנווײַזונ־

גענ און דירעקטיוונ פונ דער שטענדיקער ביוראָ פונעם אויס־פירקאָם פונ קאָמינטערנ קענענ די אנטשפּרעכנדיקע סעק־ציעס אָנקלאָגנ אינעם אויספירקאָם פונ קאָמינטערנ אָדער אינ זײַנ פּרעזידיום. אָבער דאָס באַפרײַט ניט די סעקציעס פונ אויספילנ די באַשלוסנ פונ די שטענדיקע ביוראָענ ביז וואַנענ עס וועט זיי ניט אָפּשאַפנ דער אויספירקאָם פונ קאָמינטערנ אָדער זײַנ פּרעזידיום.

§ 22. דעם אויספירקאָם פונ קאָמינטערנ און זײַנ פּרע־זידיום ווערט געגעבנ דאָס רעכט צו שיקנ זייערע באַפול־מעכטיקטע אינ באַזונדערע סעקציעס פונעם קאָמוניסטישנ אינטערנאַציאָנאַל. די באַפולמעכטיקטע ווערנ אינסטרוקטירט דורכנ אויספירקאָם פונ קאָמינטערנ אָדער דורכ זײַנ פּרעזידיום און זײַנענ פאַראַנטוואָרטלעכ פאַר זיי פאַר זייער טעטי־קײַט. די באַפולמעכטיקטע פונעם אויספירקאָם פונ קאָמינטערנ האָבנ דאָס רעכט צו נעמענ אַנ אָנטייל אינ אַלע פאַרזאַמ־לונגענ און זיצונגענ סײַ פונ די צענטראַלע אָרגאַנענ, און סײַ פונ די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס פונ דער סעקציע, אינ וועלכער זיי ווערנ געשיקט. די באַפולמעכטיקטע פונעם אויס־פירקאָם פונ קאָמינטערנ פילנ אויס זייערע פאַרגעבונגענ אינ ענגסטנ קאָנטאַקט מיטנ צענטראַל־קאָמיטעט פונ דער גע־געבענער סעקציע; אָבער זייערע ארויסטרעטונגענ אפ די צוזאַמענפאָרנ, קאָנפערענצנ און באַראַטונגענ פונ די סעק־ציעס קענענ זײַנ אינ באַזונדערע פאַלנ אויכ געווענדעט קעגנ צענטראַל־קאָמיטעט פונ דער געגעבענער סעקציע, אויב די ליניע פונ צענטראַל־קאָמיטעט גייט זיכ פאַנאַנדער מיט די דירעקטיוונ פונעם אויספירקאָם פונ קאָמינטערנ. די באַפולמעכ־

טיקטע פונעמ אויספירקאָמ פונ קאָמינטערנ זײַנען באַזונדערס פארפליכטעט צו נאָכשפּירנ, ווי עס ווערנ אויסגעפילט די באַשלוסנ פונ די קאָנגרעסנ אונ פונעמ אויספירקאָמ פונ קאָמינטערנ.

דער אויספירקאָמ פונ קאָמינטערנ אונ זײַנ פּרעזידיומ האָבנ אויכ דאָס רעכט צו שיקנ אינסטרוקטאָרנ אינ באַזונדערע סעקציעס פונעמ קאָמוניסטישנ אינטערנאַציאָנאַל. די רעכט אונ פליכטנ פונ די אינסטרוקטאָרנ ווערנ באַשטימט דורכנ אויספירקאָמ פונ קאָמינטערנ, פאר וועלכנ די אינסטרוקטאָרנ זײַנען פאראַנטוואָרטלעכ פאר זייער ארבעט.

§ 23. די זיצונגענ פונעמ אויספירקאָמ פונ קאָמינטערנ קומענ פאָר ניט זעלטענער ווי איינמאָל אינ 6 כאָדאָשימ. די זיצונגענ זײַנען רעכטפול בא דער אָנוועזנהייט ניט ווייניקער ווי א העלפט פונ זײַנע מיטגלידער.

§ 24. די זיצונגענ פונעמ פּרעזידיומ פונעמ אויספירקאָמ פונ קאָמינטערנ קומענ פאָר ניט זעלטענער ווי איינמאָל אינ צוויי וואָכנ. די זיצונגענ פונ פּרעזידיומ פונעמ אויספירקאָמ פונ קאָמינטערנ זײַנען רעכטפול בא דער אָנוועזנהייט פונ ניט ווייניקער ווי א העלפט פונ זײַנע מיטגלידער.

§ 25. דער פּרעזידיומ ווײַלט אויס א פּאָליטסעקרעטאַריאַט, וועלכער איז א באַשליסנדיקער אָרגאַנ, אונ ער גרייט אויכ צו די פראגנ צו די זיצונגענ פונעמ אויספירקאָמ פונ קאָמינטערנ אונ זײַנ פּרעזידיומ אונ איז זייער אויספיר־אָרגאַנ.

§ 26. דער פּרעזידיום באַשטימט א רעדאַקציע פונ פּעריאָדישע אונ אנדערע אויסגאַבנ פונעמ קאָמוניסטישנ אינטערנאַציאָנאַל.

§ 27. דער פּרעזידיום פונעם אויספירקאָם פון קאָמינטערן שאפט אן אָפּטייל פאר ארבעט צווישן די ארבעטנדיקע פרויען, שטענדיקע קאָמיסיעס אפ אָנפירן מיט דער ארבעט פון באשטימטע גרופּן סעקציעס פון קאָמינטערן (לענדער־סעקרעטאריאַטן) און אנדערע אָפּטיילן, וואָס זײַנען נייטיק פאר דער ארבעט.

## 4. די אינטערנאציאָנאלע קאָנטראָל־קאָמיסיע

§ 28. די אינטערנאציאָנעלע קאָנטראָל־קאָמיסיע באַטראכט די פראגן, וואָס דער אינהאלט זייערער איז די איינהײַט און צוזאמענגעשלאָסנקײַט פון די סעקציעס, וואָס גייען ארײַן אין קאָמוניסטישן אינטערנאציאָנאל, און אויך די אָפּשאַצונג פונעם אופירן זיך פון באזונדערע מיטגלידער פון דער אָדער יענער סעקציע אלס קאָמוניסטן.

אין דער ריכטונג קלײַבט פאנאנדער די אינטערנאציאָנאלע ק. ק.:

א) אָנקלאגעס אפ די האנדלונגען פון די צענטראלע קאָמיטעטן פון די קאָמוניסטישע פארטייען מיצאד די פּארטיי־מיטגלידער, וואָס ווערן אונטערגעוואָרפן דיסציפּלינארע שטראָפן אפן באָדן פון פּאָליטישע מיינונג־פארשיידנהײַטן.

ב) אנאלאָגישע איניאָנים וועגן מיטגלידער פון די צענטראלע אנשטאלטן פון די קאָמפארטייען און דאָס גלײַכן יענע איניאָנים וועגן באזונדערע פּארטיי־מיטגלידער, וועלכע זי אליין וועט האלטן פאר נייטיק צו באטראכטן, אָדער וועלכע עס וועלן אָנקומען אפ צו באטראכטן לויטן פאָר־

שלאג פון די באשליסנדיקע אָרגאנען פונעם אויספירקאָם פון קאָמינטערן.

ג) זי פירט דורך א רעוויזיע פון די פינאנסן פונעם קאָמינ־טערן. די צווישנפעלקערלעכע קאָנטראָל־קאָמיסיע מישט זיך ניט אריין אין די פּאָליטישע מיינונג־פארשיידנהייטן און אין די אָרגאניזאציאָנעל־אדמיניסטראטיווע קאָנפליקטן פון די פארטייען.

דער אָרט, וווּ עס זאָל זיך געפינען די אינטערנאציאָנעלע ק. ק., ווערט איינגעשטעלט דורך דער אינטערנאציאָנאלער ק. ק. אין הסכם מיטן אויספירקאָם פון קאָמינטערן.

## 5. די צווישנבאציונגען צווישן די סעקציעס פונעם קאָמוניסטישן אינטערנאציאָנאל און אויספירקאָם פון קאָמינטערן

§ 29. די צענטראל־קאָמיטעטן פון די סעקציעס, וואָס גייען אריין אינעם קאָמוניסטישן אינטערנאציאָנאל, און אויך דער צ. ק. פון די אָרגאניזאציעס, וואָס זיינען אָנגענומענע אלס מיטפילנדיקע, זיינען פארפליכטעט צושיקן סיסטעמא־טיש דעם אויספירקאָם פון קאָמינטערן די פּראָטאָקאָלן פון זייערע זיצונגען און באריכטן וועגן דער אָפּגעטאָנענער ארבעט.

§ 30. דאָס אראָפּגעמען פון זיך די באפולמאכטן סיי מיצאד באזונדערע מיטגלידער פון די צענטראל־קאָמיטעטן פון די סעקציעס, סיי מיצאד גאנצע גרופּן מיטגלידער פון צ. ק. ווערט קוואליפיצירט ווי דעזאָרגאניזירן די קאָמו־

ניסטישע באַוועגונג. יעדער אָנפירנדיקער פּאָסטנ אינ
פּאַרטיי געהערט ניט דעמ, וואָס האָט דעמ געהעריקנ מאַנ־
דאַט, נאָר דעמ גאַנצנ קאָמוניסטישנ אינטערנאַציאָנאַל. די
אויסגעוויילטע מיטגלידער פונ די צענטראַלע אָנפירנדיקע
אָרגאַנענ פונ באַזונדערע סעקציעס קענענ אָפּקלייגנ זייערע
מאַנדאַטנ ביז די איבערוואַלנ נאָר מיטנ הסכּמ פונעמ
אויספירקאָמ פונ קאָמינטערנ. די באַפרייונג־ביטעס,
וואָס זיינענ אָנגענומענ געוואָרנ דורכ די צענטראַלע קאָ־
מיטעטנ פונ באַזונדערע סעקציעס אָנ דער הסכּמה פונעמ
אויספירקאָמ פונ קאָמינטערנ, זיינענ ניט גילטיק.

§ 31. די סעקציעס, וואָס גייענ אַריינ אינעמ קאָמוניסטישנ
אינטערנאַציאָנאַל, באַזונדערס די סעקציעס פונ די מעטראָ־
פּאָלנ אונ זייערע קאָלאָניעס, און דאָס גלייכנ די סעקציעס
פונ די לענדער, וואָס זיינענ בישכיינעס איינס מיטנ צווייטנ,
דאַרפנ האַלטנ אַנ ענגע אָרגאַניזאַציאָנעלע אונ אינפאָר־
מאַציאָנעלע פאַרבינדונג, איינשטעלנדיק א קעגנזייטיקע פאָר־
שטייערשאַפט אַפ די קאָנפערענצנ, צוזאַמענפאָרנ, אונ אויכ
אַנ אויסטויש—מיטנ הסכּמ פונעמ אויספירקאָמ פונ קאָמינ־
טערנ—פונ אָנפירנדיקע קויכעס.

§ 32. צוויי אָדער מער סעקציעס פונעמ קאָמוניסטישנ
אינטערנאַציאָנאַל, וועלכע זיינענ (ענלעכ צו די סעקציעס
פונ די סקאַנדינאַווישע אונ באַלקאַנישע לענדער) פּאָלי־
טיש פאַרבונדנ איינע מיט דער אַנדערער דורכ אַלגעמיינע
באַדינגונגענ פונ קאַמפ, קענענ מיטנ הסכּמ פונעמ
אויספירקאָמ פונ קאָמינטערנ, צוליב די צילנ פונ קאָאָרדי־
נירנ זייערע האַנדלונגענ, פאַראייניקנ זיכ אינ פעדעראַציעס,

וואָס ארבעטנ אונטער דער אָנפירונג אונ קאָנטראָל פונעמ אויספירקאָמ פונ קאָמינטערנ.

§ 33. די סעקציעס פונ קאָמינטערנ דארפנ ארייַנטראָגנ דעמ אויספירקאָמ פונ קאָמינטערנ רעגולערע אָפּצאָלנ, די גרויס פונ וועלכע עס שטעלט אייַנ דער אויספירקאָמ פונ קאָמינטערנ.

§ 34. די צוזאמענפאָרנ פונ באזונדערע סעקציעס סייַ די אָרדנטלעכע, אונ סייַ די אויסעראָרדנטלעכע, קענענ צונויפגערופנ ווערנ נאָר מיטנ העסקעמ פונעמ אויספירקאָמ פונ קאָמינטערנ.

אויב די אָדער יענע סעקציע רופט ניט צונויפ קיינ פּארטיי־צוזאמענפאָר פריִער פארנ אלוועלטלעכנ קאָנגרעס, דארפ זי פארנ אויסוויילנ דעלעגאטנ אפנ קאָנגרעס—צונויפרופנ א פּארטיי־קאָנפערענצ אָדער א פּלענומ פונ צ. ק. אפ צוגרייטנ פראגנ צומ קאָנגרעס.

§ 35. דער צווישנפעלקערלעכער פארבאנד פונ דער קאָמוניסטישער יוגנט (קאָמוניסטישער יוגנט־אינטערנאציִאָנאל) איז א פולבארעכטיקטע סעקציע פונעמ קאָמוניסטישנ אינטערנאציאָנאל אונ ווארפט זיכ אונטער דעמ אויספירקאָמ פונ קאָמינטערנ.

§ 36. די קאָמוניסטישע פּארטייענ דארפנ זייַנ גרייט צו איבערגיינ אפ אנ אומלעגאלער לאגע. דער אויספירקאָמ פונ קאָמינטערנ איז פארפליכטעט ארויסווייַזנ די אנטשפּרעכנדע פּארטייענ א מיטהילפ אינ צוגרייטנ זיכ צומ איבערגיינ אפ אנ אומלעגאלער לאגע.

§ 37. דאָס אריבערפאָרן פון באזונדערע מיטגלידער פון די סעקציעס פונעם קאָמוניסטישן אינטערנאציאָנאל פון איין לאנד אינעם אנדערן ווערט דערלאָזן נאָר מיט א דערלויבעניש פון צענטראל־קאָמיטעט פון יענער סעקציע, ווו זיי גייען ארײַן אלס מיטגלידער.

די קאָמוניסטן, וואָס האָבן אומגעביטן זייער וווינאָרט, זײַנען פארפליכטעט ארײַנטרעטן אין די סעקציעס פון דעם לאנד, אין וועלכן זיי זײַנען געקומען. די קאָמוניסטן, וואָס זײַנען ארויסגעפאָרן פון לאנד אָן א דערלויבעניש פון צענטראל־קאָמיטעט פון זײַן סעקציע, קענען זיי ניט אָנגענומען ווערן אין אנדערע סעקציעס פונעם קאָמוניסטישן אינטערנאציאָנאל.

# אינהאלט


פראָגראמ
פונעמ קאָמוניסטישנ
אינטערנאציאָנאל

זײַט

ארײַנפיר . . . . . . . . 5

I. די וועלט-סיסטעמ פונעמ קאפיטאליזמ, איר אנטוויקלונג און איר אומפארמײַדלעכער אונטערגאנג

1. די אלגעמיינע באוועגונג-געזעצנ פונ קאפיטאליזמ אונ די עפּאָכע פונעמ אינדוסטריעלנ קאפיטאליזמ . . 13
2. די עפּאָכע פונעמ פינאנצ-קאפיטאל (אימפעריאליזמ) . 18
3. די קויכעס פונעמ אימפעריאליזמ אונ די קויכעס פונ דער רעוואָלוציע . . . . . . . . 22
4. דער אימפעריאליזמ אונ דער קראכ פונעמ קאפיטאליזמ. 27

II. דער אלגעמיינער קריזיס פונעמ קאפיטאליזמ אונ די ערשטע פאזע פונ דער וועלט-רעוואָלוציע

1. די וועלט-מילכאָמע אונ דער גאנג פונעמ רעוואָלוציאָנערנ קריזיס . . . . . . . . 31

2. דער רעוואָליוציאָנערער קריזיס און די קאָנטער־רעוואָליו־ציאָנערע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע . . . . . 35

3. דער קריזיס פֿונעם קאַפּיטאַליזם און פֿאַשיזם . . 39

4. די ווידערשפּרוכן פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער סטאַביליזאַציע און די אומפֿאַרמיידלעכקייט פֿון אַ רעוואָליוציאָנערן קראַך פֿונעם קאַפּיטאַליזם . . . . 42

III דער ענדציל פֿונעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל איז דער וועלט־קאָמוניזם

IV. דער איבערגאַנג־פּעריאָד פֿונעם קאַפּיטאַליזם צום סאָציאַליזם און די דיקטאַטור פֿונעם פּראָלעטאַריאַט

1. דער איבערגאַנג־פּעריאָד און די דעראָבערונג פֿון דער מאַכט דורכן פּראָלעטאַריאַט . . . . . 57

2. די דיקטאַטור פֿונעם פּראָלעטאַריאַט און די סאָוועטישע פֿאָרם אירע . . . . . . . 62

3. די דיקטאַטור פֿונעם פּראָלעטאַריאַט און די עקספּראָפּריאַציע פֿון די עקספּראָפּריאַטערס . . . . . 67

א) אינדוסטריע, טראַנספּאָרט, פֿאַרבינדונג-דינסט 68

ב) לאַנדווירטשאַפֿט. . . . . . 69

ג) האַנדל און קרעדיט . . . . . 72

ד) אַרבעט-שוץ, שטייגער און א. וו. . . . 73

ה) דער וווינונג-פֿאָנד . . . . . 74

ו) די נאַציאָנאַלע און קאָלאָניאַלע פֿראַגע . . 75

ז) די מיטלען פֿון אידעאָלאָגישער ווירקונג . . 76

4. די יסודות פֿון דער עקאָנאָמישער פּאָליטיק פֿון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור . . . . . . —

5. די דיקטאטור פונ פּראָלעטאריאט אונ די קלאסנ . . 83
6. ד. מאסנ־אָרגאניזאציעס אינ דער סיסטעם פונ דער פּראָלעטארישער דיקטאטור . . . . . 87
7. די דיקטאטור פונעמ פּראָלעטאריאט אונ די קולטור־רעוואָליוציע . . . . . . . 91
8. דער קאמפ פאר דער וועלט־דיקטאטור פונעמ פּראָלעטאריאט אונ די גרונט־טיפּנ רעוואָליוציעס . . . 95
9. דער קאמפ פאר דער וועלט־דיקטאטור פונעמ פּראָלעטאריאט אונ די קאָלאָניאַלע רעוואָליוציעס . . . 101

V. די דיקטאטור פונעמ פּראָלעטאריאט אינ פ.ס.ס.ר. אונ די צווישנפעלקערלעכע סאָציאַליסטישע רעוואָליוציע

1. די בויונג פונעמ סאָציאַליזמ אינ פ.ס.ס.ר. אונ דער קלאסנ־קאמפ . . . . . . . 105
2. די באַדײַטונג פונ פ.ס.ס.ר. אונ זײַנע צווישנפעלקערלעכע רעוואָליוציאָנערע פליכטנ . . . . 112
3. די פליכטנ פונעמ צווישנפעלקערלעכנ פּראָלעטאריאט אינ באצוג צו פ.ס.ס.ר. . . . . . 116

VI. די סטראטעגיע אונ טאקטיק פונעמ קאָמוניסטישנ אינטערנאציאָנאל אינעמ קאמפ פאר דער דיקטאטור פונעמ פּראָלעטאריאט

1. די אידעאָלאָגיעס אינעמ ארבעטער־קלאס, וואָס זײַנענ פּײַנטלעכ דעמ קאָמוניזמ . . . . . 119
2. די גרונט־אויפגאבנ פונ דער קאָמוניסטישער סטראטעגיע אונ טאקטיק . . . . . . . 135

# סטאטוט
# פונעם קאָמוניסטישנ
# אינטערנאציאָנאל


1. די גרונט־האנאָכעס . . . . . . . 155
2. דער אלוועלטלעכער קאָנגרעס פונעם קאָמוניסטישנ אינטער־נאציאָנאל . . . . . . . . 158
3. דער אויספיר־קאָמיטעט פונעם קאָמוניסטישנ אינטערנאציאָנאל אונ זײַנע אָרגאנענ . . . . . 160
4. די אינטערנאציאָנאלע קאָנטראָל־קאָמיסיע . . . 165
5. די צווישנבאציִונגענ צווישנ די סעקציעס פונעם קאָמוניס־טישנ אינטערנאציאָנאל אונ אויספירקאָם פונעם קאָמינטערנ 166

רעדאקציע פונ דער איבערזעצונג—
מ. דובראָוויצקי אונ י. ליווּשיצ.
ליטקאָרעקטור—כא. קאהאנ
טעכרעדאקטער } קארפינאָוויטש
קאָרעקטער }

אָפּגעגעבנ אינ דרוקעריי — 14/X 1933 י.
אונטערגעשריבנ צום דרוק—28/XI 1933 י.

דרוקעריי א. נ. סטאלינ
באשטעלונג 2156.
טיראזש 4000.
גלאווליטבעל 187.